פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק

ו. א. פּעטרושעווסקי

# וואָט טײַלער

(געשיכטע פון פויערים־באַוועגונג אין ענגלאַנד)

ייִדיש — כ. ליומקיס

№ 35

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“
קיִעוו—1929

## I. לײַב־פּויערים

בעיס דער אָקטיאבער־רעוואָליוציִע האָבן די ארבעטער און פּויערים איבערגענומען די מאכט אין זייערע פעסטע הענט. דאָס פּויערטום האָט באקומען „די גאנצע ערד און די גאנצע פרײַהײַט".

אין מײַרעוו־אייראָפּע האָט זיך דער קאַמף פון די פויערים פאר ערד קלאל נאָך ניט פארענדיקט. לאנג איז נאָך דאָרט דער וועג, וואָס פירט פון אונטערדריקונג, דאכקעס און גויט צו פרײַהײַט, גלײַכהײַט און א זאט פויעריש לעבן. אסאך קאָרבאָנעס זײַנען שוין אויסגעלייגט אף דעמדאָזיקן וועג.

פויערישע אופשטאנדן הייבן זיך אייגנטלעך אָן פון יענער צײַט, ווען ס'איז אופגעקומען פריוואט־אייגנטום אף ערד, פון זינט דער פויער האָט אָנגעהויבן ארבעטן אף דער נאכלע, וואָס מע האָט בא אים צוגענומען, און איז צוליב דעם ארײַנגעפאלן אין קנעכטשאפט. אין ענגלאנד האָט זיך דער באפרײַונג־קאמף פון די פויערים קעגן די פריצים אָנגעהויבן נאָך העכער פינף הונדערט יאָר צוריק.

איצט איז ענגלאנד א לאנד פון אינדוסטריִע און האנדל. בלויז א קליינער טייל פון דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג וווינט אין דערפער און פארנעמט זיך מיט ערדארבעט. מיליאָנען פראָלעטאריִער פילן אָן צענדליקער שטעט, וואָס זײַנען אײַנגעהילט אין רויך פון פאבריק־קוימענס, ארבעטן אין שאכטעס און גרובנס, אין פאבריקן און זאוואָדן. מיט זייער שווערער מי ווערט געשאפן

דאָס קאָלאָסאלע אשרעס פון דער ענגלישער בורזשואזיע, וואָס פירט אָן מיט דער מעלוכע און נעמט אַרײַן אין איר קלעם פאַר־שידענע לענדער אין אלע טיילן פון דער וועלט.

דער ענגלישער האנדל־פלאָט שפּרײַזט אום איבער ווײַטע יאמען. ענגלישע סכוירעס ווערן פארשפרייט אין אלע מעדינעס און אויסגעטוישט אף סכוירעס פון פרעמדע לענדער.

מיט זעקס הונדערט יאָר צוריק איז אָבער ענגלאנד געווען ניט קיין גרויס לאנד, און דערצו א לאנד פון ערדארבעט. איר אינדוסטריע און האנדל מיט פרעמדע מעדינעס האָט זיך ערשט נאָר־וואָס געהאט אָנגעהויבן. ווייניק האָט זי פארמאָגט שטעט, וואָס זאָלן זײַן באזעצט מיט באלמעלאָכעס און הענדלער.

די מערהײַט באפעלקערונג—דאָס פויערטום—האָט געלעבט פון לאנדווירטשאפט.

געוווינט האָבן זיי דערפערווײַז, פונקט ווי בא אונדז אין רוס־לאנד.

איבער ביידע זײַטן דאָרפישע גאסן האָבן זיך געצויגן כאט־קעס מיט טויקן, שפּײַכלערס, שטאלן און אנדערע ווירטשאפט־געבײַדעס.

הארט בא די דערפער איז געלעגן די אקערערד, צעטיילט אף דרײַ פעלדער: איינס פאר ווייץ אָדער קאָרן, דאָס צווייטע פאר האָבער אָדער גערשטן, דאָס דריטע — אין שמיטע פארלאָזט.

בלויז א קליינער טייל פויערים זײַנען געווען פרײַע מענטשן. די איבעריקע זײַנען געווען לײַבקנעכט.

קימאט די גאנצע ערד האָט געקערט צו די פּריצים און צו די גײַסטלעכע.

די גײַסטלעכע האָבן פארמאָגט א דריטכיילעק פון דער גאנ־צער ערד אין ענגלאנד. טויזנטער העקטאר ערד זײַנען געווען בא די מאָנאסטירן און בא די בישופן אין די הענט. די ווירטשאפט האָט זיך אף איין און דעמזעלבן אויפן געפירט סײַ

אף דער קלויסטערישער, סײַ אף דער מאָנאסטירישער און סײַ אף דער פּריצישער ערד.

אין די פּריצישע מאַיאָנטקעס האָבן זיך די פעלדער געטיילט אף צווײ טײלן: די פּריצישע אקערערד און די פּויערישע נאכלעס.

פאר באנוצן זיך מיט דער נאכלע האָבן די פּויערים אויסגעפילט פארן פּאָרעץ געוויסע היסכײַוועסן, אָדער זיי האָבן אים אָפּגעארבעט פּאַנשטשינע, אָדער געצאָלט ראטע.




יעדער הויף האָט געדארפט שיקן אַפן פּאָרעצס פעלד איין ארבעטער אף פּאנשטשינע אף א 2--3 טעג אין דער וואָך. בעשאסן ארבעט־סעזאָן פלעג מען אפילע ארבעטן א גאנצע וואָך. אמאָל אָבער פלעג מען פארבײַטן די וואָך־פּאנשטשינע אף ארבעט פונעם שטיק: די פּויערים האָבן געדארפט מיט זייער פיך

און אינוווענטאר צעאקערן, פארבּאַראַנעווען און פארזייען א גע־
וויסן טייל פּריצישע ערד, צונויפנעמען דערפון דאָס ברויט און
עס אראָפּפירן פון פעלד אין שײַער אַרײַן.

דרײַ מאָל אין יאָר, האַרבסט און פרילינג בעייסן אקערן און
זומער בעייסן שנײַדן, פלעגן אלע פּויערים גאנצע דערפערווײַז
ארויסגיין אַף דער פּריצישער אַרבעט.

דערבײַ האָט מען פון יעדער הויף געדארפט שיקן דעם בעסטן
אַרבעטער און אַלע אקערס מיטן שפּאַן. די פּויערים, וואָס האָבן
קיין פערד ניט געהאַט, האָבן געשטעלט פּאַרקנס, געגראָבן קאנא־
ווען, אָדער אנדערע מינים אַרבעט געטון.

אויסער פּאַנשטשינע און אָט אַזעלכערליי „געזעלשאַפטלעכע
אקציעס״ פלעג מען נאָך אַף די פּויערים אַרופלייגן שטײַער מיט
געלט און מיט קאָלערליי „מאַטאַנעס״: אויפּעס, פּוטער, יאַגעדעס.
מיט געלט צי מיט פּראָדוקטן פלעג מען צאָלן דעם פּאָרעץ פאַר
באַנוצן זיך מיט פאַרשיידענע לאַנדגיטער: פאַר פּיטערן שאָף און
ציגן, פאַרן רעכט צו קלײַבן צווײַגן און ברוכהאָלץ אין וואַלד.

דער לײַבּפּויער האָט ניט געטאָרט אוועקגיין פון זײַן ערד.
אָבער דער פּאָרעץ האָט אויך ניט געהאַט קיין רעכט אראָפּצו־
טרײַבן דעם פּויער פון זײַן ערד, קאָלזמאַן יענער האָט פּינקטלעך
אויסגעפּילט זײַנע פליכטן.

דאָס גאנצע פאַרמעגן דעם פּויערס האָט זיך גערעכנט פאַרן
פּאָרעצס אייגנטום. אַז א פּויער איז געשטאָרבן, האָט דער פּאָרעץ
אים געיאַרשנט.

אזא מינעג איז פון קאַדמוינים געווען, אַז דער פּאָרעץ
פלעג צונעמען די בעסטע זאַך פונעם פּויערס פאַרמעגן,
דאָס בעסטע שטיקל פיך. די ערד־נאַכלע פלעג, עמעס, איבער־
גיין צום פאַרשטאָרבענעמס זון, אָבער דער פּאָרעץ האָט גענומען
דערפאַר אָפּצאָל.

די פּויערים האָבן געלעבט און געבאַלעבאַטעוועט געמיינד־
שאַפטלעך.

די גאנצע אקערערד פון אַלע דריַי מינים פעלדער האָט זיך געטיילט אף קאָנען און יעדער קאָן אף פאסן, לויט דער צאָל הויפן. יעדער הויף האָט באקומען אויסגעטיילטע פאסן ערד אין אלע קאָנען, קעדיי אלע זאָלן באקומען גלײַכווערטע כאלאָקים.

דאָס גאנצע דאָרף איז געווען געבונדן מיט אן אלגעמיינעם פארזיי־סיידער.

די לאָנקעס האָט מען אויך געטיילט פאסנוויַיז, לויטן כיילעק, וואָס יעדער הויף האָט געהאט אין דער געזעלשאפטלעכער אקער־ערד.

די געמיינדשאפט־אָרדענונגען זײַנען אופגעקומען נאָך דאן, ווען די פויערים זײַנען פריַי געווען. זי איז אָבער געבליבן אומגערירט אויך אין דער צײַט פון לײַב־אייגנטום און איז געווען אָבליגאטאָריש אויך פארן פּאָרעץ.

ס'איז געווען אײַנגעשטעלט א מינעג פון קאדמוינים, וויפל שאָף און רינדער מעג דער פּאָרעץ ארויסשיקן אפן פיטערפלאץ פון דער געמיינדע, וויפל וואלד קאָן דער פּאָרעץ פארנעמען אף קאָרטשעווען.

די פריצישע אקערערד איז געלעגן א פאס איבער א פאס מיט דער פויערישער, זי איז געווען ארײַנגעצויגן אינעם אלגע־מיינעם פארזיי־סיידער. נאָכן שניט האָט מען ארויסגעלאָזט פאסען זיך דאָס פיך סײַ אף דער פריצישער, סײַ אף דער פויערישער ערד.

די באציִונגען צווישן די פריצים מיט די לײַב־פויערים זײַנען אין ענגלאנד ניט געווען באזונדערס שטרענג. דער גרעסטער שע־טעך ערד איז געווען בא די פויערים אין באנוץ. זיי זײַנען אויך געווען די באלעבאטים איבערן פיך, וואָס איז נייטיק געווען אף צו באארבעטן די פעלדער. דער פויער האָט אויך פארמאָגט קליינ־פיך: כאזיירים, ציגן, שאָף.

דאָס באלעבאטישקײַט פון א מיטעלן פויער האָט באטראָפן א ווּבל פינף הונדערט אף אונדזער געלט.

די שטײַער־פליכטן, וואָס זײַנען ארופגעלייגט געווען אף דער פויערישער ערד, זײַנען פינקטלעך אײַנגעשטעלט געווען לויט דער טראַדיציע.

אויב דער פּאָרעץ האָט געוואָלט ברעכן דעם מינעג, האָט דער פויער געקאָנט אײַנגעבן אף אים אין געריכט.

דערבײַ איז צו יענער צײַט אין ענגלאנד געבליבן אסאך מער פרײַע פויערים, איידער אין אנדערע לענדער פון אייראָפּע.



## II. אָנהייב פון פויערים-באפרייַונג

די פויערים־באפרייַונג האָט זיך אין ענגלאנד אָנגעהויבן פריִער איידער אין אנדערע לענדער. נאָר, באפרייַענדיק די פויערים פון לייַבקנעכטשאפט, האָבן די פריצים זיך געפּלייַסט באפרייַען זיי אויך פון דער ערד, צונעמען בא זיי די נאכלעס זייערע. באַגלייַך מיט דער באפרייַונג פון די פויערים איז פאָרגעקומען אויך דאָס ארויסצן זיי פון דער ערד.

אָנגעהויבן האָט זיך די באפרייַונג און דאָס אָפּנעמען די ערד אדאנק די שינוּיִם, וואָס זייַנען פאָרגעקומען אין דער ווירטשאפט.

אין יענער צייַט איז דער האנדל נאָך ניט געווען אנטוויקלט. די פריצים, וואָס האָבן געלעבט פון פאנשטשינע און פון פויערישע ראטעס, האָבן ניט געהאט וווּהין אהינצוטון דאָס מויסרעס פון זייער ווירטשאפט. דער פּאָרעץ האָט ניט געהאט צוליב וואָס באזונדערס דריקן דעם פויער, פאָדערן פון אים מער ברויט און אנדערע לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטן, איידער ס׳האָט פאַרלאנגט דער געברויך פון זייַן פאמיליִע און פון זייַנע הויףּ־מענטשן.

אנדערש איז געוואָרן דעמאָלט, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן פארגרעסערן די שטאָט־באפעלקערונג, ווען ס׳האָט אָנגעהויבן וואקסן דער האנדל.

די גוטבאזיצער האָבן אָנגעהויבן אויסברענגען די פּראָדוקטן פון זייער ווירטשאפט אף די מארקן: ברויט — אין די שטעט, וואָל — קיין אויסלאנד.

די פּריצים פּלײַסן זיך צו פאַרגרעסערן די פּראָדוקציִע, וואָס גייט אפן מארק. זיי פארברייטערן די אקערערד און די פּיצוכט. זיי פאראקערן די גאנצע פרײַע ערד, אלע וויסטע פּלעצער, זיי ברעכן די אײַנגעשטעלטע מינהגים פון דער געמיינדע, זיי פאר־צוימען זייערע פעלדער, קעדיי אויסצוטיילן זיך פונעם אלגעמיינעם פארזיי־סיידער, פארכאפּן די גיטער פון דער געמיינדע, נעמען־צו בא די פּויערים די פּיטערפּלעצער. זיי „גלײַכן אויס" זייערע נאכלעס אפן כעשבן פון דער שכיינישער פּויערי־שער ערד און טרײַבן אַראָפּ די פּויערים פון זייערע נאכ־לעס.

די ערד באקומט פון איצט אָן פארן פּאָרעץ א באזונדער ווערט. ער איז גערן פּאָטער צו ווערן פונעם לײַבפּויער מיט זײַן פּאַנשטשינע. די ארבעט פונעם לײַבפּויער שטערט אים רײַך צו ווערן. אים לוינט איצט בעסער דינגען ארבעטער פון דער זײַט, איידער באנוצן זיך מיט פּאנשטשינע און איבערלאָזן די טײַע־רע ערד בא די פּויערים אין די הענט.

דאָס ראָוו פּריצים, וואָס פירן זייער ווירטשאפט פארן מארק, באשליסן צו באפרײַען זיך פון די פּויערים, צולאקכענען זייער ערד און איבערגיין צו פרײַ־געדונגענער ארבעט — דינגען צו זיך אף ארבעט טאקע די פריִערדיקע אייגענע פּויערים. אפילע פריִער נאָך פלעגן די פּריצים בעשאסן ברען פון ארבעט־סעזאָן זיך ניט קאָנען באגיין מיט דער „געזעלשאפטלעכער הילף" פון זייערע לײַב־אייגענע פּויערים. זיי פלעגן נאָך מוזן צודינגען אר־בעטער פון דער זײַט אף צו העלפן די לײַבקנעכט בעשאסן אקערן אָדער אין שניט־צײַט. דאָס זײַנען געווען סײַ פרײַגע־לאָזענע פּויערים, וואָס האָבן אָנגעווירן זייער אייגענע ערד, סײַ שטאָטישע באלמעלאָכעס, וואָס פלעגן בעשאסן ארבעט־סעזאָן אוועקלאָזן זיך פון שטאָט אין די נאָענטסטע גיטער זוכן א זײַ־טיק פארדינסטל, אָדער גאָר פּויערים פון די שכיינישע מאיאָנט־קעס, וואָס זײַנען געווען באלאָנים אף א גוטער לוין.

יאָגנדיק זיך נאָך ארבעט־העגט, פלעגן די פּריצים אָפּט בע־שאַסן ארבעט־סעזאָן אריבערנארן פּויערים איינער באַם אנדערן. די פּויערים האָבן גערן געוואָרפן די פּאַנשטשינע־ארבעט און פלעגן זיך פאַרדינגען פאר א גוטן לוין צום שכיינישן פּאָרעץ, און פאר זיך פלעגן זיי שטעלן אף פּאַנשטשינע אַן אנדער ארבעטער.

די פּריצים פלעגן אָפּט קומען צו אַן אויסגלייַך מיט זייערע פּויערים: דער פּויער פלעג אָפּצאָלן דעם פּאָרעץ דעם לוין פאר דעם כיילעק פּאַנשטשינע־ארבעט, וואָס ער איז מעכויעוו געווען אויסצופילן, קעדיי יענער זאָל קענען דינגען אַן אנדער אר־בעטער.

דאָס ראָוו פּריצים פלעגן אריבערפירן די לייַבפּויערים פון פּאַנשטשינע־ארבעט אף געלט־ראַטע, קעדיי צו האָבן געלט אף דינגען ארבעטער. מע פלעג אויסרעכענען, וואָס קאָסט אַן ארבעט־טאָג, דעם טאָג-לוין האָט מען געקייפלט אף דער צאָל ארבעט-טעג אין יאָר, האָט זיך באַקומען דער יאָר־לוין. מע פלעג אויך איבערפירן אף געלט די נאַטור־ראַטעס: קערנער, פלייש, פּוטער.

דידאָזיקע שינויִם האָבן געלוינט אויך פאר די פּויערים. באַ־פרייַט זיך פאר געלט פון יעדערליי ארבעט אפן פּאָרעץ, זייַנען די פּויערים געוואָרן ארענדאַטאָרן פון דער פּריצישער ערד.

מערסטנטייל האָבן די פּויערים געשלאָסן מיט די גוטבאַזיצער שריפטלעכע אָפּמאכן. לויטן דאָזיקן אָפּמאך פלעג די ערד אָפּגע־געבן ווערן דעם פּויער אין באַנוץ אף צייַט זייַן לעבן אָדער דריַי לעבנס: דעם פּויערס, וואָס האָט געשלאָסן דעם אָפּמאַך, זייַן זונס און זייַן אייניקלס. אָדער די ערד פלעג אָפּגעגעבן ווערן אף „אייביקע צייַטן”, ד.ה. דער פּויער איז געוואָרן אַן ארענדא־טאָר מיט יערושע־רעכט.

פרייַגעלאָזן די לייַבפּויערים, האָט דער פּאָרעץ זיי דאָך ניט געגעבן קיין פולע פרייַהייַט. צוליב דעם, אז דער פּויער זאָל זייַן צוגעבונדן צום מאַיאָנטעק און אז דער פּאָרעץ זאָל שטענדיק האָבן פאר זיך גרייטע ארבעטער, פלעג ער אריַינשטעלן אין

אָפּמאַך אזא פונקט: „אויב מיר (פויערים) לאָזן איבער זעם מאַיאָנ־טעק, בלייַבט דאן איבער די גאנצע ערד אונדזערע פארן פּאָרעץ".
אזא היסכייַוועס האָבן די פויערים ארויסגעגעבן ניט נאָר פאר זיך, נאָר אויך פאר זייערע קינדער און קינדסקינדער.

דער פויער האָט זיך אויך געקאָנט צונויפריידן מיטן פּאָרעץ, ארענדירן בא אים די ערד אויך אַף א קורצער צייַט. דערנאָך האָבן ביידע צדאָדים געקאָנט זיך פאנאנדערגיין.

אויב דער פויער האָט ארייַנגעטראָגן מיטאמאָל א גרויסע סומע געלט, האָט ער זיך געקענט אויסקויפן אינגאנצן, דאָס הייסט, אויסקויפן די ערד, וואָס ער איז אף איר געזעסן, און ווערן א פרייַער אייגנטימער פון זייַן אייגענער נאכלע.

די פויערים־באפרייַונג איז פּאָרגעקומען ניט מיטאמאָל, נאָר בעהאדראָגע. לעכאטכילע האָט מען באפרייַט באזונדערע פויערים, דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן באפרייַען גאנצע דערפער. אין אייניקע ערטער האָט מען די שטייַער־פליכטן אָפּגעשאפט בלויז טיילווייַז, אין אנדערע—אינגאנצן. אזוי האָבן זיך אין דאָרף באוויזן נייַע קלאסן באנאַנד מיט די לייַבפויערים—פרייַע ארענ־דאטאָרן און פרייַע דאָרפישע ארבעטער, און אויך א נייַע אָרדע־נונג—דאָס דינגען פרייַע אַרבעטער.

אין דערזעלבער צייַט פארשטארקט זיך דער קאמף פון דער דאָרפישער ארבעטנדיקער באפעלקערונג מיט די פריצים, מיטן אדל־קלאס.

אין דער מיט פון XIV יאָרהונדערט קומען אין ענגלאנד פּאָר צווישן די פויערים און פעלד־ארבעטער גרויסע אומרוען, זיי צע־פלאקערן זיך אין א גראנדיעזער סרייפע, אין א פאָלקס-אופשטאנד, וואָס טרייסלט אוף דאָס גאנצע לעבן פון דער מעלוכע.

פּאָרגעקומען איז עס דערפאר, וואָס די גוטבאזיצער, די פרי־צים האָבן זיך ווידער געפּרווט פארקנעכטן די פויערים, אָנטון אף זיי דעם יאָך פון אסאך אן ערגערער קנעכטשאַפט איידער די אמאָליקע לייַבערעכט.

## III. די פּריצים ווילן ווידער פאַרקנעכטן די פּויערים

אין 1348 יאָר איז פון אזיִע קיין אייראָפּע אָנגעקומען א שרעק־לעכער גאסט: „דער שווארצער טויט" אָדער די פּעסט. ס'איז ניט געווען קיין איין לאנד אין אייראָפּע, וואָס האָט אויסגעמיטן די־דאָזיקע שרעקלעכע מאגייפע. זי האָט געשניטן מענטשן אין שטעט און אין דערפער. מע האָט פארלאָזט די הײַזער, מע איז אנטלאָפן אין די בערג, אין די וועלדער, קעדיי צו ראטעווען זיך פון טויט. אין אייניקע ערטער איז געבליבן לעבן ניט מער ווי א צענטכיילעק פון דער באפעלקערונג.

פון אייראָפּע האָט זיך די מאגייפע אריבערגעקליבן קײַן ענג־לאנד. 14 כאדאָשים האָט זי געווילדעוועט אין לאנד און פאר־טיליקט העכער א העלפט פון דער באפעלקערונג. לויט ווי ס'דער־ציילן מענטשן פון יענער צײַט, וועלכע האָבן באשריבן דעמדאָ־זיקן כורבן, האָט מער פון אלעמען געליטן פון דער פּעסט דער פּראָסטער אוילעם, — פּויערים און באלמעלאָכעס, סאמע די גע־זונטסטע און שטארקסטע פון זיי. אסאך דערפער זײַנען אינגאַנצן פּוסט געוואָרן. שאָף און רינדער האָבן אומגעבלאָנקעט איבער די פעלדער אָן פּאסטעכער. געבליבן אָן א אופזיכט, זײַנען זיי מאסנ־ווײַז אומגעקומען.

„די האכנאָסע האָט זיך אָפּגעשטעלט, די ערד איז געבליבן ניט באארבעט", — קלאָגן זיך די פּריצים און די גײַסטלעכע. — „די ערדבאזיצער האָבן ניט געהאט בא וועמען צו נעמען קיין ראטע

און קיין אורענדע פאר דער ערד, ווײַל אין אסאך גיטער זײַנען אלע קימאט אויסגעשטאָרבן: אי די לײַב־פויערים, אי די ארענדאטאָרן. די גיטער, ווו דיווירטשאפט האָט זיך געפירט דורך געדונגענע ארבעטער, זײַנען געבליבן פארלאָזט. אומזיסט איז די מי צו געפינען ארבעטער פאר א פריצישער ווירטשאפט".

„דער מאנגל אין ארבעטער איז געווען אזוי גרויס, אז א דריטכיילעק ערד אינעם גאנצן קעניגרײַך איז געבליבן ניט באארבעט".

„אזא נויט אין ארבעטער־הענט אף אלע מינים ארבעט האָט אין אמאָליקע צײַטן זיך גאָר קיינער ניט געקענט פאָרשטעלן".

קיינער האָט ניט געוווסט וואָס צו טון. מע האָט געמוזט שיקן צום אַקער און צום שפאן פרויען און קינדער.

די פריצים האָבן זיך ביטער געקלאָגט דערוף, וואָס די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער האָבן אופגעהויבן דעם לוין פאר זייער ארבעט. זיי האָבן ניט אנדערש גערופן די ארבעטער, ווי „פרעכע, נידערטרעכטיקע, זשעדנע לײַט". אין הארבסט, וואָס נאָך דער פעסט, „האָט מען ניט געקענט געפינען קיין שניטער פאר ווייניקער פון זעקס פענס א טאָג און קיין קאָסער פאר ווייניקער פון צוועלף פענס, דערצו האָט מען זיי נאָך געדארפט האָדעווען!" — טײַנען אופגעבראכט די גוטבאזיצער. — „אין פיל ערטער איז דאָס ברויט אומגעקומען אף די פעלדער, ווײַל ס'איז ניט געווען ווער ס'זאָל עס צונויפנעמען. די אַרבעטער, באלמעלאָכעס און הויז־דינער זײַנען פון יענער צײַט אָן געוואָרן כיטרער און פאלשער ווי געוויינלעך".

יענע גוטבאזיצער , וואָס בא זיי זײַנען נאָך פארבליבן פויערים אף פאנשטשינע, האָבן איבערגעפירט זיי אף א גרינגער ראטע, קעדיי די פויערים זאָלן אינגאנצן ניט פארלאָזן די ערד. פון די ראטע־צאָלער און פון די ארענדאטאָרן האָט מען אראָפּגעוואָרפן האלב געצאָלטס, אבי זיי זאָלן כאָטש בלײַבן אף די ערטער. אניט האָט מען מוירע געהאט, אז צוליב דעם מאנגל

אין ארבעטער־הענט און מאכמעס דעם אלגעמיינעם יאקרעס זאָלן זיי אינגאנצן ניט אוועקגיין.

דאָס פארלאָזנקײַט אין דער לאנדווירטשאפט, די יערידע אין דער אינדוסטריִע האָבן ארויסגערופן א יאקרעס אף ברויט און אך די נייטיקסטע לעבנס־פּראָדוקטן. אין די שטעט האָבן די הענדלער אופגעהויבן די פּרײַזן אף שפּײַז־פּראָדוקטן אף 5—6 מאָל אזויפיל. די ארבעטער האָבן ניט געקענט לעבן אף דער אמאָליקער לוין און באנוגענען זיך מיט די פריִערדיקע פּרײַזן. ארבעטער־הענט זײַנען טײַערער געוואָרן סײַ אין שטאָט, סײַ אין דאָרף. די שטאָטישע באלמעלאָכעס האָבן אויך געפאָדערט א העכער געצאָלטס.

די פּריצים, וואָס האָבן זיך שטארק גענייטיקט אין ארבעטער־הענט, זײַנען דאָך ניט אימשטאנד געווען יעדערער באזונדער צווינגען די ארבעטער צו ארבעטן אף די פריִערדיקע באדינגונגען. האָבן זיי באשלאָסן פארקנעכטן די ארבעטער און פּויערים דורך נייע צוואנג־געזעצן.

אין ענגלאנד איז די מעלוכע-מאכט געווען בא די פּריצים אין די הענט. געהערשט האָט איבערן לאנד א קעניג, אָבער זײַן מאכט איז געווען באגרענעצט דורך די „פּאָרנעמע לײַט״ — די „לאָרדן״, ד. ה. די גרעסטע ערדבאזיצער. די לאָרדן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א קאָלאָסאלע קראפט אין דער מעלוכע. אין זייערע מאיאָנטקעס האָבן זיי געהערשט איבער דער באפעלקערונג פּונקט ווי קעניגן. אָן דעם העסקעם פון לאָרד האָט דער קעניג ניט געקענט באקומען קיין איין גראָשן צינש, ניט געקענט נעמען קיין איין מענטשן צו מיליטער־דינסט. דער קעניג האָט אויך ניט געהאט קיין רעגולער מיליטער. אויב ער האָט זיך גענייטיקט אין מיליטער, האָט ער עס צונויפגענומען דורך די לאָרדן.

ווען מע האָט געדארפט אָפּשטעלן צינש און שטײַער, ארויסגעבן געזעצן, באשליסן פארשידענע מעלוכע־איניאָנים — האָט מען צונויפגערופן דעם „גרויסן ראט פון קעניגרײַך״, אָדער פאר־

לאמענט. דער קעניג איז מעכויעוו געווען איינלאדן אין פּאר־לאמענט, געבנדיק צו וויסן איטלעכן באזונדער, די גרעסטע ערד־באזיצער — די לאָרדן און אויך די בישופן, „קעדיי אָנצונעמען באשלוסן וועגן די איניאָנים פון דער מעלוכע און אן אייצע געבן דעם קעניג".

אויסער די לאָרדן און בישופן, וואָס זיינען פּערזענלעך ביי־געזעסן אין פּארלאמענט, האָט מען אויך ארויסגערופן אויסדער־ווײלטע פון די מיטעלע און קליינע ערדבאזיצער פון יעדער גראפסטום (קריַיז), און אויך פון די שטאָטישע סאָכרים. דער קע־ניג און זיינע „מיניסטאָרן־ראטגעבער" האָבן באדארפט ארויס־געבן אזוינע געזעצן, וואָס דער פּארלאמענט האָט געוואָלט.

אין פּארלאמענט זיינען ניט געווען קיין פאָרשטייער פון דער ארבעטער־באפעלקערונג, פון די פויערים, פון די שטאָטישע אָרעמע מאסן. קלאָר, אז מע פלעג ארויסגעבן אזוינע געזעצן, וואָס די פריצים האָבן געוואָלט און וואָס האָבן פאר זיי געלוינט. די רע־גירונג פון קעניגרייַך האָט אין אלע אירע טאטן אויסגעפילט דעם ווילן פון די פריצים.

האָט טאקע דער קעניג לויט דער פאָדערונג פון די פריצים ארויסגעגעבן נייע „קאטאָרושנע" געזעצן, וואָס האָבן געזאָלט אָנטון א יאָך פון קנעכטשאפט אף דער ארבעטנדיקער באפעל־קערונג.

דעם 18 יוני 1349 יאָר איז איבער אלע געגנטן צעשיקט גע־וואָרן א קעניגלעכער באפעל:

„פאר דער צייט פון דער מאגייפע זיינען אומגעקומען אסאך מענטשן, מער פון אלץ — ארבעטער און פויערים. צוזעענדיק די שווערע לאגע פון די הארן און די מינדערע צאָל דינער, האָבן פיל זיך אָפּגעזאָגט צו גיין דינען ניט אנדערש, סיידן מע זאָל זיי צאָלן זייער א הויכן לוין, און אנדערע האָבן זיך גאָר פירגענומען ארומגיין פוסט־און־פּאס און בעטלען נעדאָוועס אנשטאָט צו פאר־דינען זיך אפן לעבן מיט עפּעס אן ארבעט".

„האָט זיך דער קעניג וועגן דעמדאָזיקן איניען באַראָטן מיט די גײַסטלעכע, מיט די פּאָרנעמע לײַט און מיט אנדערע באַ־האוונטע מענטשן, און אין העסקעם מיט זייער אײנשטימיקער מײנונג באַפוילט ער:

„יעדער מאַן און יעדער פרוי, פרײַע אָדער לײַב־מענטשן, געזינטע און ניט עלטער פון 60 יאָר, וואָס זײַנען ניט פאַרנומען מיט קיין האַנדל און מעלאָכע, וואָס פאַרמאָגן ניט קיין אייגענע מיטלען צום לעבן און קיין אייגענע ערד, און דינען ניט אײַנ־ערגעץ, — זײַנען מעכוייעוו זיך שטעלן דינען צו דעם, וואָס וועט זיי רופן, און פאַר א לוין, וואָס איז געצאָלט געוואָרן די לעצטע 5—6 יאָר. ווער ס׳וועט זיך אָפּזאָגן, דעם וועט מען גלײַך אַרעס־טירן און אַרײַנזעצן אין טפיסע".

„טפיסע איז אָנגעגרייט פאַר יעדן שניטער, קאָסער, פאַר יעדער אנדער אַרבעטער, וואָס וועט פאַרלאָזן זײַן באַלעבאָס פריִער פאַר דער אָפּגערעדטער צײַט. ס׳איז פאַרבאָטן דעם אייגנטימער צו געבן און דעם אַרבעטער צו פאָדערן א העכער געצאָלטס פונעם געוויינלעכן לוין".

„באַלמעלאָכעס: רויכוואַרגער, לעדער־אַרבעטער, שוסטער, שנײַדער, קאָוואַלעס, טעסלערס, מויערער און אנדערע — איז פאַר־ווערט אונטער טפיסע־שטראָף צו נעמען פאַר זייער אַרבעט מער פונעם פריִערדיקן געוויינלעכן געצאָלטס".

דער באַפעל איז צעשיקט געוואָרן אומעטום. קיינער אָבער האָט אים ניט אויסגעפילט, האַגאַם ער האָט געדראָט מיט שטראָף און מיט טפיסע.

ווען ס׳האָט זיך צונויפגעקליבן דער ערשטער, נאָך דער מאַ־גייפע, פּאַרלאַמענט, האָבן די פריצים זיך דאָרט געקלאָגט, אז די אַרבעטער און דינער ווילן ניט אַרבעטן אזוי ווי זיי האָבן אַמאָל געאַרבעט. די פריצים בעטן דעם קעניג, ער זאָל באַפוילן צו באַשטראָפן די אַרבעטער ניט בלויז מיט קנאַס, נאָר אויך מיט לײַב־שטראָף.

דעמאָלט ווערט ארויסגעגעבן א נײַער געזעץ וועגן ארבעטער:

„א באשטענדיקער ארבעטער אין א מאַיאָנטעק — א שמײַסער, אקערמאן, פאסטעך, כאזיירים־טרײַבער, שטאל־אופזעער—דארף זיך פארדינגען אף א יאָר אָדער אף אן אנדער טערמין, אָבער אין קיין אויפן ניט אף טאָג־ארבעט. די ארבעטער, וואָס פארדינגען זיך אף פעלד־ארבעט בעשאס מע זאמלט דאָס ברויט און דאָס היי, אָדער אף מעלייצען, דארפן באקומען נאָר דעם טאָג־לוין, וואָס איז אָנגעוויזן אין געזעץ".

„קיינער פון זיי טאָר זומער־צײַט ניט אוועקגיין אף זײַטיקע פארדינסטן פונעם דאָרף, ווו ער וווינט אום ווינטער, אויב ער קאָן דאָרט געפינען ארבעט פאר דער עקזיסטירנדיקער פרײַז".

„שטאָטישע ארבעטער און באלמעלאָכעס איז אויך פארבאָטן צו באקומען מער פונעם געזעצלעכן געצאָלטס".

„ווער ס'איז אויוועך אפן דאָזיקן געזעץ, ווערט אף אים ארופגעלייגט צווייערליי שטראָפן: קנאס לעטויוועס דעם קעניג און טפיסע".

אזוי ווי די ארבעטער פלעגן אָבער אנטלויפן פון זייערע באלעבאטים אין אנדערע קרײַזן זוכן זיך בעסערע פארדינסטן, דאָט מען באפוילן די ריכטער: „פארהאלטן די אנטרונענע און ארײַנזעצן זיי אין טפיסע".

לויטן אורטייל פונעם ריכטער פלעג מען אויסברענען דעם ארבעטער צי דעם באלמעלאָכע מיט א צעגליטן אײַזן א צייכן אפן שטערן.

אָבער ניט די טפיסע, ווו מע פלעג פארשמידן די ארבעטער אין קלעצער, ניט דאָס צייכענען זיי מיט צעגליטע אײַזנס האָט ניט געקענט זיי אָפּהאלטן פון קאמף מיט די באלעבאטים.

די דאָרפישע ארבעטער אָרגאניזירן זיך אין פארבאָרגענע פאַריינען און באשווערן זיך פאר קיין אויפן ניט פאָלגן דעם געזעץ, פאָדערן פון די באלעבאטים א העכערן לוין. זיי לויפן אלץ פון די באלעבאטים.

„די ארבעטער און די דינער, — קלאָגן זיך די פּריצים, — אנ־
טלויפן פון איין גראַפטום אינעם אנדערן. אייניקע פון זיי גייען
אוועק אין די גרויסע שטעט און ווערן באלמעלאָכעס, אנדערע
גייען אוועק אין אומבאַקאַנטע ערטער, צוליב דעם הויכן לוין,
וואָס מע צאָלט זיי דאָרטן. קיינמאָל זיצן זיי ניט אף איין אָרט.
מע קען צו זיי ניט אָנווענדן דעם געזעץ. פיל פון זיי ווערן רויבער".

איינער א שריפטשטעלער פון די אדל־לײַט שרײַבט אזוי
וועגן דעמאָלטיקן פויער:

„גאָט אליין האָט געהייסן דעם ערדבאַזיצער צו ארבעטן מיטן
שווייס און שאַפן מיטלען פאר אונדזער כיונע. קאָלוזמאַן זיי האָבן
געארבעט, האָבן די פעלדער געגעבן שעפע. איצט איז דאָס ניטאָ.
ערדארבעטער איז איצט ווייניק. זיי ארבעטן שלעכט און זײַנען
זייער זשעדנע".

„אזא מינעג איז איצט געוואָרן: איין פויער פאָדערט מער,
וויפל צוויי האָבן אמאָל באַקומען, און פונעם אמאָליקן
פויער איז געווען מער נוצן ווי פון איצטיקע דרײַ. ווי ער
זאָל ניט בייגן פאר אײַך דעם רוקן, האָט ער שטענדיק פאר־
באָרגן עפּעס א בייזע מאַכשאָווע. די ארבעטער ווילן מער בא
קיינעם ניט אָפּזײַן קיין גאַנץ יאָר; זעלטן גיט זיך עמעצן אײַן
זיי אײַנהאַלטן אף א כוידעש. הײַנט איז ער דאָ, מאָרגן איז ער
דאָרטן, הײַנט איז ער בא מיר, מאָרגן איז ער בא דיר".

„דאָס איז שוין איינמאָל א פאָלק: באַדינגסטו עמעצן פון זיי
מיט קעסט און ער באַזעצט זיך בא דיר אין שטוב, וועט ער דיר
באלד אָנהייבן איבערקלײַבן מיטן עסן און מיטן טרינקען. געזאַלצן
פלייש שאַדט אים, געקאָכט פלייש האָט ער ניט ליב. גיב אים
נאָר דאַפקע געבראָטנס, אניט וועט ער דיר באלד זיך אָנהייבן
קרימען".

„דאכט זיך, א קאַפּצנס א זון און אליין אויך א קאַפּצן פון
געבוירן אָן, האָט ער דיר גאָר שטענדיק צו טון מיטן מאָגן, אקו־
ראַט ווי עפּעס אן איידעלער פּאָרעץ".

„די געזעצן, וואָס מע גיט ארויס קעגן זיי, ברענגען גאָר קיין נוצן ניט. פאר אזעלכע פארשוינען עקזיסטירן ניט קיין שום קלאָלים. ס'איז אזא צאָרע, וואָס מע קען קעגן איר גאָרניט ניט צוטראכטן. ניט קיין מענטש איז עס, נאָר עפּעס א מעגושעמ־דיקע בריִע! קיין מענטשן האָט דאָס ניט ליב, און אין גאָט גלויבט עס ניט".

„אויב מע וועט קעגן זיי ניט אָנווענדן קיין גערעכטיקע שטרענגע געזעצן, וועט פון די פּריצים גאָר גיך ווערן טיל־טעל".

אן אנדער שרײַבער שרײַבט אזוי וועגן די ארבעטער:

„...זיי ריידן אלדאָסבייז אף גאָט, האָבן ניט קיין אָפּשײַ פארן מענטשלעכן פארשטאנד און זידלען דעם קייסער מיטן גאנצן ראט זײַנעם, דערפאר וואָס מע צווינגט זיי אָפּהיטן דעם געזעץ קעגן די ארבעטער".

טײַנענדיק און קלאָגנדיק זיך דערויף, וואָס די ארבעטער וואָרפן זיך ניט אונטער דעם געזעץ, פלעגן די פּריצים אליין אויוועך זײַן אפן געזעץ. זיי פלעגן איינער באם אנדערן, דורך א געהעכערטן לוין, אריבערנארן ארבעטער, אויסבאהאלטן זיי בא זיך.

אזוי האָבן געטון די גרויסע ערדבאזיצער, אזוי אויך די מאָנאסטירן, די גײַסטלעכע.

די ערדבאזיצער פלעגן צוטראכטן קאָלערליי האמצאָעס, אבי נאָר צו קריגן לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער. זיי פלײַסן זיך מיט קאָלערליי מיטלען, גערעכטע און אומגערעכטע, אופצושטעלן די אמאָליקע פאנשטשינע. זיי צווינגען אומקערן זיך אין זייער מאיאָנ־טעק אזוינע פויערים, וואָס האָבן שוין לאנג זיך אויסגעקויפט פון פאנשטשינע און זײַנען אוועקגעגאנגען ארבעטן אף דער זײַט, אָדער וואָס האָבן אין נאָענטן קרײַז גענומען ערד אין ארענדע. זיי ווענדן זיך צוליב דעם אין קעניגלעכן געריכט, דערווײַזן זייערע רעכט, זײַנען זיך סוימעך אף דאָקומענטן.

די קעניגלעכע ריכטער און באאמטע גיבן אלעמאָל ארויס באפעלן מע זאָל צושטעלן אין א מאיאָנטעק פויערים, וואָס ווינען שוין פונלאנג אויסער די גרענעצן פונעם גוט, מע זאָל ארעסטירן און שטראפירן טעסלער, שוסטער, שנײַדער — דער־פאר וואָס זיי פארנעמען זיך מיט זייערע מעלאָכעס אָן א דער־לויבעניש פונעם פּאָרעץ.

די מיט גוואלד אומגעקערטע פויערים ווארפט־מען־צו א פאר־לאָזטע נאכלע.

מע נויט זיי ארבעטן אף פאנשטשינע, וואָס דער פויער, אָדער דער פאָטער צי דער זיידע זײַנער האָט זיך שוין לאנג פון איר אויסגעקויפט. פרײַע פויערים ווערן ווידער פאר־וואנדלט אין לײַבקנעכט.

די פויערים פירן א קאמף פאר זייערע רעכט, זיי קלאָגן זיך אין קעניגלעכן געריכט אף די אָרטיקע ריכטער, פירן אָן א שיר לאָדענישן.

אָבער די אדוואָקאטן, די ריכטער, די באאמטע — זײַנען אפן צאד פון די פריצים: די פויערים פארלירן דאָס לאָדעניש אין געריכט.

אייניקע פויערים ווארפן זיך אונטער די פריצים ביז א צײַט און פארבאָרגן אין הארצן זייער סינע און האס; אנדערע, דרייס־טערע, זאָגן זיך אָפּ אויסצופילן די ארבעט — זיי האלטן זיך פאר פרײַע מענטשן.

אין פיל ערטער פארייניקן זיך די פויערים אין פארבאנדן, קעדיי צו געבן א ווידערשטאנד די פריצים מיט געווער אין די הענט, זיי דראָען די פריצים און זייערע מעשאָרסים מיט טויט.

די פריצים ווערן אומרויִק. זיי קלאָגן זיך אין פארלאמענט אף די פויערים, טײַנען, אז „זיי פארלירן און האָבן שוין אסאך פארלוירן האכנאָסע פון זייערע גיטער, וואָס ברענגט זיי צו א גרויסער יערידע".

„אין פיל טיילן פון קעניגרייך שטייט די טווע ניט אראָפגע־נומען און קומט אום. די פויערים קענען נאָך אופהייבן אן אופשטאנד קעגן זייערע הארן. מע מוז וואָס שנעלער אָנעמען געהעריקע מיטלען, אניט וועט זיין שלעכט. אויב ס׳וועט זיך אריינרייסן דער סוינע (ענגלאנד האָט אין יענער צייט מיל־כאָמע געהאלטן מיט פראנקרייך), וועלן די פויערים צושטיין צו אים, קעדיי זיך נויקעם צו זיין אין די פריצים".



## IV. אָנהייב פון אופשטאנד

די פויערים האָבן זיך געפונען אונטערן דרוק פון די פּריצים און פון דער פּריצישער מעלוכע־מאכט און געטראָגן אף זיך דעם שווערן יאָך פון צינשן און שטײַערן.

אומגעהײַער גרויסע געלטן זײַנען אויסגעבראכט געוואָרן אף דער קריג מיט פראנקרײַך, וואָס האָט זיך פארצויגן אף צענדליקער יאָרן (די „הונדערטיאָריקע מילכאָמע״).

די מילכאָמע האָבן פירגעגעבן די פּריצים און סאָכרים. ס׳האָט זיך זיי געגלוסט צונעמען ערד בא פראנקרײַך, פארכאפּן רײַכע האנדל־שטעט. צום סאָף פון דער מילכאָמע האָט ענגלאנד געליטן גרויסע מאפּאָלעס: די שטרעקעס, וואָס מע האָט געהאט פארכאפּט בא פראנקרײַך, האָט מען צוריק אָפּגעגעבן, דער סוינע האָט אָנגעמאכט גרויסע כורבוינעס אף די ענגלישע ברעגן, פיל שיפן זײַנען אומגעקומען, דער האנדל איז אונטערגעריסן געוואָרן.

די שטײַערן זײַנען געוואָקסן פון יאָר צו יאָר און ארויסגערופן אומצופרידנקײַט בא דער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג.

אופגעמאָנט האָט מען די שטײַערן מיט גרויס אכזאָריעס און אומרעכט. די ריכטער און באאמטע, וואָס זײַנען שטענדיק געווען אפן צאד פון די רײַכע און שטארקע, האָבן זייער גערדריקט דאָס פאָלק. צווישן פויערטום און דאָרפישן פּראָלעטאריאט איז פול געוואָרן די מאָס פון סינע צו דער אָרדענונג אין לאנד. בא דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג האָט שוין קײַן געדולד ניט געסטײַעט.

די געמיינע דאָרפלײַט האָבן גערן אופגענומען די שמועסן, וואָס פלעגן אומגיין צווישן פאָלק, אז די ערד דאַרף געהערן צו אלע מענטשן, ווײַל אלע מענטשן זײַנען פון געבורט גלײַך צווישן זיך.

צווישן פּראָסטן אוילעם זײַנען אומגעגאנגען פלוג־בלעטלעך, הייסע אופרופן. באזונדערס האָט מען ליב געהאט לייענען „דעם כאָלעם פון פּעטער דעם פויער", ווו ס'ווערט גערימט די פּויערשע מי, און דעם ערדארבעטער ווערט צוגעזאָגט גאניידן אף דער־וועלט פאר זײַן הייליקער האָרעוואניע. די בלעטלעך און אופרופן זײַנען צונויפגעשטעלט געוואָרן אין די שטעט. אויך דאָרט זײַנען אופגערודערט געווען די אָרעמע מאסן, די געבילדעטע לײַט, וואָס האָבן זיך געשטעלט אף דער זײַט פון די האָרעפּאשניקעס.

דידאָזיקע שרײַבער האָבן אין זייערע שריפטן געשילדערט פארן פאָלק זיין ביטערע לאגע, דערקלערט אים די סיבעס פון זײַנע נויט און זאָרגן.

אָט ווי ס'ווערן באשריבן די העכערע קלאסן אין איינעם פון דידאָזיקע שריפטן:

„די גײַסטלעכע באזיצן קאָלאָסאלע פלעצער ערד אין לאנד און הערן ניט אוף צו פאַרנעמען אלץ נײַע ערד. ס'גייט זיי ווייניק אָן דאָס פריידיקן פארן פאָלק און זיי לאָזן אים זינקען אין אומוויסן".

„קיינער ווײַזט ניט ארויס אזויפיל זשעדנעקײַט און אכזאָריעס באם אופמאָנען ארענדע און שטראָף, ווי די באזיצער פון די קלוי־סטערישע און מאָנאסטירישע גיטער".

„די לאָרדן (גרויסע ערדבאזיצער) זײַנען ארײַנגעטון אין פרע־סערײַ און אין זנוס. דער אָרעמאן ווייסט פון זיי נאָר געשטראפירט און געקאנסעט ווערן. זיי נעמען צו באם פויער זײַן האָב און גוטס און צאָלן אים דערפאר גאָרניט. זיי פאראכטן דעם אָרעמאן און שלאָגן אים, אויב ער פּאָדערט געצאָלטס פאר זײַן פארמעגן, וואָס זיי נעמען בא אים צו. געמיינע לײַט קומען אום פון הונגער און קעלט".

„אויב דער ארענדאטאָר צאָלט ניט אָפּ די ראטע צו דער צײַט, נע־מען זיי צו בא אים דאָס פיך. זיי פרעסן אים, קימערן זיך ניט, צי איז

ער געמיין, אלט, קראנק, פאראָרעמט, באפאלן מיט אסאך קינדער. די פריצים לאָדן זיך קעסיידער מיט די פויערים און שטרעבן צו פאַרוואנדלען זיי ווידער אין לייַבקנעכט".

„ניט קיין קלענערע בייז פארן פאָלק זיינען די ריכטער און אדוואָקאטן. זיי באאוולען דעם געמיינעם מאן, און דער געזעץ גייט זיי וויניק־וואָס אָן. זיי זיינען גרייט אוועקרויבן באם גע־מיינעם מענטשן זיין לעצט פארמעגן".

„דורך אומגערעכטן מישפּעט זאמלען זיי אָן פיל גאָלד, דער־ווערבן זיך ערד און גיטער. וואס פאר א רעכט דער באלדין זאָל ניט האָבן, וועט דער ריכטער און דער סטראפּטשע שוין געפי־נען א מיטל אים צו בארייסן. די פריצים האלטן זיי אויס מיט סכירעס".

וואנדערנדיקע מאָנאכן—בעטלער און פראָסטע גאַלאָכים פלעגן ארויסטרעטן אין די דערפער און פריידיקן פארן פאָלק, אופדעקנ־דיק די אומווערדיקע מייַסים פון די העכערע קלאסן. די גייַסט־לעכע פון נידעריקן ראנג זיינען מערסטנטייל געווען אפן צאד פון די פויערים.

די רייַכע פריצישע גאלאָכים, וואָס האָבן געהאט צו שאפן איבער עטלעכע קלויסטער־געמיינדעס, האָבן געפירט א ברייט לעבן אין דער קרוינשטאָט לאָנדאָן צי אין אנדערע שטעט און פלעגן דינגען פון זיך מענטשן פאר א גראָשנדיקן לוין צו פראוועט פאר זיי די גאָט־דינסט. דידאָזיקע אזויגערופענע „אָרעמע גאלאָכים" האָבן זיך מיט זייערע פארדינסטן און מיט זייער גאנצן ארט לעבן וויניק־וואָס אויסגעטיילט פון די לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער. זיי האָבן געלעבט אין איינע אינטערעסן מיטן פאָלק, געזאָרגט מיט זיינע זאָרגן און געפריידט זיך מיט זיינע פריידן. זיי פלעגן זיך אָפטמאָל באטייליקן אין די פאָלקס־אומרועו און זיינען געווען די גייַסטיקע פירער פון די פויערישע מאסן.

זיי האָבן גערעדט וועגן דעם, וואָס ס'האָט געדריקט און גע־נאָגט דעם פויער, וועגן די שווערע צינשן און שטייַערן, וועגן די

מיסבּרויכן פון די באַאמטע, וועגן די אונטערגעקויפטע ריכטער און וועגן אומרעכט פון לײַב־אייגנטום. צווישן די פאָלקס־פרײַדיקער איז באַזונדערס געווען באַרימט דזשאָן באָל.

אומגייענדיק פון איין דאָרף אינעם אנדערן, פון איין קרײַז אינעם צווייטן, פלעג ער פּרײדיקן אומעטום, ווו ער האָט נאָר געקאָנט צונויפנעמען אן אוילעם: אין קלויסטער, אפן צווינטער, אין מארק. פיל מאָל האָט מען אים ארײַנגעזעצט אין טפיסע, אָבער ווי נאָר ער איז ארויס אף דער פרײַ, פלעג ער גלײַך ווידער זיך נעמען צו זײַן ארבעט. דאָס פאָלק האָט אים געהאלטן פאר א צאדיק און פאר א נאָווי פון גאָט און איז גרייט געווען צו גיין נאָך אים, וווהין ער וועט זיי נאָר פירן.

„ווען אָדאָם האָט געאקערט און כאַווע האָט געשפּינט, איז ווער דעמאָלט א פּאָרעץ געווען?" — דעמדאָזיקן פאָלקס־שפּרוך פלעג ער ליב האָבן אלעמאָל איבערכאַזערן אין זײַנע רעדעס צום פאָלק.

„אין אָנהייב פון דער וועלט, — האָט ער געזאָגט אין איינער פון זיינע רעדעס, — איז ניט געווען ניט קיין קנעכט און ניט קיין הארן. ווען גאָט זאָל געוועון וועלן באַשאַפן קנעכט, וואָלט ער פון אָנהייב אָן געווען באַצייכנט, ווער ס'זאָל זײַן א קנעכט און ווער א האר. ער האָט דאָס אָבער ניט געטון. די פּויערים זײַנען פּונקט אזוינע מענטשן, ווי די הארן, און צום סאָף האלט מען זיי ווי די כאַיעס".

„גוטע מענטשן! נאָר דעמאָלט וועט גוט זײַן צו לעבן אין ענגלאנד, ווען דאָס פארמעגן וועט זײַן אלגעמיין און וועט קערן צו אלעמען, ווען ס'וועט ניט זײַן ניט קײַן פּויער און ניט קײַן פּאָרעץ, נאָר אלע וועלן זײַן אין איין לאגע".

„פארוואָס הערשן איבער אונדז די, וואָס מיר רופן זיי הארן? מיט וואָס האָבן זיי דאָס פארדינט?"

„פארוואָס האלטן זיי אונדז אין קנעכטשאפט? וואָס קענען זיי זאָגן און מיט וואָס קענען זיי דערווײַזן, אז זיי זײַנען בעסער פון אונדז?"

„סײַדן דערמיט, וואָס זײ צווינגען אונדז שאַטן פאַר זײ מיט אונדזער מי דאָס, וואָס זײ פארשווענדן".

„זײ זײַנען אָנגעטון אין סאמעט און אין פוטער, און מיר אין פראָסטן געוואנט. זײ פארמאָגן גוטע ווײַנען, זיס געבעקס און זעל־טענע געווירצן, און מיר מוזן זיך באנוגענען מיט קאָרן־ברויט, פּאָלאָווע און שטרוי, וואַסער צום טרינקען. זײ האָבן פרײַע צײַט און גרויסארטיקע פּאלאצן, און מיר האָבן זאָרג און מי, רעגן און ווינט אף אונדזערע פעלדער".

„סאָפּקאָלסאָף איז דאָך פון אונדז, פון אונדזער מי ווערט גע־שאפן דאָס אַלץ, אף וואָס ס׳האלט זיך די מעלוכע. מע רופט אונדז לײַבקנעכט, מע שלאָגט אונדז, אויב מיר פאָלגן ניט קײַן באפעלן, און מיר האָבן אפילע ניט פאר וועמען זיך צו קלאָגן, ווער ס׳זאָל אונדז אויסהערן און זיך אָנעמען אונדזער קריוודע. לאָמיר גײן צום קעניג. ער איז יונג. מירן אים ווײַזן אף אונדזער קנעכטשאפט, מירן אים ארויסזאָגן אונדזערע פארלאנגען. אויב מירן גײן אהין, טאקע אלע אינײנעם, וועט קײַן אײנער ניט אָפּשטײן פון אונדז, קײַן אײנער פון די, וואָס זײַנען פארקנעכטעט, זײ וועלן אלע נאָך אונדז נאָכגײן קעדײ צו דערווערבן זיך פרײַהײט. און אז דער קעניג וועט אונדז דערזען אָדער ער וועט דערהערן וועגן אונדז, וועט ער שוין מיט גוטן צי אף אן אנדער אויפן, נאָר ער וועט שוין עפּעס אופטון".

אזוי איז בעהאדראָגע געוואָקסן די אומצופרידנקײַט אין פאָלק און דאָ און דאָרט דורכגעריסן, אופגעבליצט אין באזונדערע מערי־דעס, ביז ס׳האָט אויסגעבראָכן דער גרויסער אופשטאנד.

אָנגעהויבן האָט זיך דער אופשטאנד איבער גאָר א צופעליקער זאך. אין 1380־טן יאָר האָט דער פארלאמענט באוויליקט דעם קע־ניג אופצומאָנען א קאָפּ־שטײַער פאר קריגס־באדערפענישן, „צו באשיצן דאָס קעניגרײַך און באהיטן די יאַמען". די רעגירונג האָט גערעכנט צונויפנעמען בא א מיליאָן רובל אף אונדזער איצטיק געלט. א דריטכײלעק פון דערדאָזיקער סומע האָבן באדארפט

אריינטראָגן די גײַסטלעכע, ווײַל אין זייער רעשוס איז געווען א דריטכיילעק פון דער גאנצער ערד אין דער מעלוכע. אף דער איבעריקער סומע איז באשטײַערט געוואָרן פון קאָפּ די גאנצע דערוואקסענע באפעלקערונג. מע האָט אָבער ניט געקענט צונויפ־נעמען די גאנצע סומע. אסאך האָבן ניט געצאָלט.

איינער א באאמטער בּעשוטפעס מיט נאָך דרײַ פארשוין האָבן פאָרגעלייגט דער רעגירונג אָפּגעבן זיי אין אָפּקויף די שטײַער־כויוועס. זיי האָבן אריינגעטראָגן אין קאזנא א סומע געלט, באקו־מען די נייטיקע פולמאכטן און זיך אוועקגעלאָזט אײַנמאָנען דעם שטײַער מיט א גאנצער מאכנע צינשמאָנער. זיי האָבן געזוכט און געפּײַניקט, אײַנגעמאָנט דעם שטײַער מיט גוואלדיקער העפקיירעס, ניט אָפּגעשטעלט זיך פאר קיינע צוואנג־מיטלען.

די צינשמאָנער האָבן אומעטום אופגעהויבן קעגן זיך דאָס פאָלק. „ניט זעענדיק קיין סאָף צו דער פּלאָג און ניט זײַענדיק אימשטאנד אויסצוהאלטן אזא דרוק", האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבן שמועסן וועגן א ווידערשטאנד. דער ערשטער אופבּליץ איז פאָר־געקומען אין א קליין דערפל אין גראפטום (קרײַז) עסעקס.

דער ריכטער, וואָס האָט געפירט די אויספאָרשונג וועגן ניט־געצאָלטע שטײַערן, האָט באפוילן מע זאָל אים רופן דעם אײַנוווי־נער טאָמאס פון שכייניש דאָרף. טאָמאס איז געווען א זאמלער פון קאָפּ־שטײַער אין יענער געגנט. האָט ער געזאָגט צו זײַנע דאָרפלײַט:

„ווייניק איז זיי דאָס, וואָס זיי האָבן צונויפגענומען ביז איצט, זײַנען זיי געקומען מאָנען א נײַעם שטײַער! האלט איר מיך אונטער, ברידער, וועל איך זיי געבן א ווידערשטאנד".

זײַנע דאָרפלײַט האָבן אים אונטערגעהאלטן און געמאָלדן דעם ריכטער, אז קיין איין פרוטע וועלן זיי ניט צאָלן מער פון דעם, וואָס זיי האָבן ביז איצט שוין אריינגעטראָגן.

דער ריכטער בעמפּטאָן האָט גענומען שרעקן די פויערים, אז ער וועט זיי באשטראָפן אפן שטרענגסטן אויפן. צו די פויערים זײַנען אָבער צוגעשטאנען די אײַנוווינער פון די שכייניש דערפער.

זיי האָבן זיך באוואָפנט און געקומען צום ריכטער און אים געמאָלדן, אז קיין געלט וועלן זיי ניט צאָלן און אז זיי ווילן מיט אים קיין מאגע־מאסע ניט האָבן. לעכאטכילע האָט דער ריכטער געפרווט זיי אָנשרעקן, אז ער וועט זיי ארייַנזעצן אין טפיסע, נאָר דערנאָך האָט ער פארשטאנען, אז מע דארף גלייַכער פאר־היטן די אייגענע ביינער, איז ער אנטלאָפן קיין לאָנדאָן.

די באוועגונג האָט זיך שנעל צעשפרייט איבער דער געגנט. די אייַנוווינער פון די דרייַ דערפער, וואָס האָבן דורכגעטריבן דעם ריכטער, האָבן צעשיקט מענטשן אין די שכיינישע דערפער נאָך אן אייצע און נאָך הילף, פאָרגעלייגט זיי זיך שטעלן צו־זאמען אין קאמף פאר דער אלגעמיינער זאך און געבן א ווידער־שטאנד די צינשמאָנער און די ריכטער. דער אופשטאנד האָט גע־נומען ארומכאפן איין דאָרף נאָכן אנדערן.

די רעגירונג האָט ארויסגעשיקט א געריכט־קאָמיסיִע אף אויס־צופאָרשן די אומרועןְ. לויט דער אָנווייַזונג פון די סטראפּטשעס האָבן די קאָמיסיִע־לייַט זיך גענומען אויספרעגן אף די אייַנוווי־נער, וואָס האָבן זיך באטייליקט אין די אומרועןְ. א האמוין פויערים זיינען געקומען צום פאָרזיצער פון דער קאָמיסיִע, בעלקנעפּ, אים אָנגערופן פארעטער פון קעניג און פון קעניגרייַך און גע־פאָדערט, ער זאָל זיי אָנווייַזן די סטראפּטשעס, וואָס האָבן צו־נויפגעשטעלט די רעשימע פון די באשולדיקטע.

די סטראפּטשעס זייַנען זיך צעלאָפן. די, וואָס האָבן ניט באוויזן צו אנטלויפן, האָט מען גלייַך אפן אָרט געקעפּט און זייערע הייַ־זער צעראבירט. דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיִע איז אנטלאָפן. אסאך באאמטע, וואָס זייַנען ארייַנגעפאלן צו די אופגעשטא־נענע אין די הענט, האָט מען די קעפּ אראָפּגענומען און אף בייז־ווונדער זיי אף פלעקער ארומגעטראָגן.

די קרעפטן פון די אופשטענדלער זייַנען געשטיגן. אין אלע עקן פון עסעקס האָט מען רייַטערס צעשיקט מיט א פאָדערונג, אז יע־דערער זאָל זיך באוואָפענען מיט וואָס ער קען און זיך באהעפטן

צום כאיל פון פאָלק. ווער ס'וועט עס ניט טון, דעם איז געקומען טויטן, זײַן הויז פארברענען און דאָס פארמעגן צונעמען. אומעטום האָבן די פויערים געוואָרפן די פעלד-ארבעט, איבערגע־לאָזט דאָס באלעבאטישקייט און די פאמיליע און זיך געלאָזט נאָכן רוף פון די אופשטענדלער.

ס'האָבן זיך צונויפגעקליבן ביז 5000 אופשטענדלער, באוואָ־פנטע מיט העק, מיט שנײַדמעסערס, מיט גראבליס און מיט האמערס. אייניקע האָבן געהאט נאָר שטעקנס, אנדערע—פארזשא־ווערטע שווערדן. געווען אויך אזוינע, וואָס האָבן געהאט מיט זיך פײַלבויגנס, פון רויך געל געוואָרענע ווי עלפאנטביין, און מיט איין און איינציקער פײַל.

די פויערים האָבן געראבירט די גיטער פון די פריצים און גײַ־סטלעכע, אוועקגעפירט דעם סקארב, פארטריבן דאָס פיך, געברענט די פאפירן מיט די רעשימעס פון פויערשע צינשן.

ענדלעך, האָבן זיך די באזונדערע אופגעשטאנענע טיילן בא־העפט אין איין פילטויזנטקפּעיקער מאכנע און זיך אוועקגעלאָזט צו דער קרוינשטאָט, פארניכטנדיק אלץ אפן וועג. זיי האָבן געראבירט און געצונדן די גיטער פון די ריכטער, אדוואָקאטן, סטראפּטשעס, באאמטע. די אייגנטימער האָבן זיי געטויט אָדער געצוווּנגען צושטיין צום אופשטאנד.

די עסעקסן, וואָס האָבן אָנגעהויבן דעם אופשטאנד, האָבן צע־שיקט שעליכים אין די שכײנישע געגנטן—קענט, סאָפאָלק, נאָר־פאָלק,—פאָרגעלייגט זיי שטעלן זיך צוזאמען מיט זיי אין קאמף פאר דער אלגעמיינער זאך, קעדיי „צו דערווערבן פרײַהײַט און צו ענדערן די שלעכטע מינאָגים פון קעניגרײַך”.

די ערשטע זײַנען אופגעשטאנען די פויערים פון שכײנישן קענט. זיי האָבן שוין לאנג געטרוימט וועגן דער זאך, וואָס די עסעקסן האָבן זיי איצט פאָרגעלייגט.

אין זייער אומוויסן האָבן די מערהײַט אופשטענדלער געגלויבט, אז דער קעניג איז ניט שולדיק אין דעם פאָלקס צאָרעס, אז זײַנע

אומגעטרײַע דינער, זײַנע ראטגעבער און מיניסטאָרן, פארפירן אים. דער קעניג איז ארומגערינגלט מיט פארעטער, אינעם פאראַט זײַנען אויך פארמישט אלע ריכטער און באאמטע, וואָס העלפן אופמאָנען דעם שטײַער און דריקן דאָס פאָלק אין נאָמען פון קעניג.

די פויערים זײַנען געווען איבערצײַגט, אז פארניכטנדיק דעם „קעניגס פארעטער", וואָס האָבן געשטערט דעם קעניג אײַנצו־שטעלן א גוטע אָרדענונג אין לאנד, אָפּרעכענענדיק זיך מיט זיי אלע, וואָס זײַנען, לויט זייער מיינונג, שולדיק געווען אין זייערע צאָרעס,—טוען זיי דערמיט דעם קעניגס ראָצן. יעדערן, וואָס איז צוגעשטאנען צום אופשטאנד, האָט מען געצוואונגען „געבן א שוווע דעם קעניג און זײַנע טרײַע געמיינדעס". די אופגעשטאנענע קענטן האָבן זיך פארייניקט בא דער שטאָט דאָרטפאָרד, וואָס איז געוואָרן אן אלגעמיינער צענטער פונעם אופשטאנד. אפן ראט אין דאָרטפאָרד איז אויסגעארבעט געוואָרן די ערשטע פּראָגראם און ס'איז אָנגעמערקט געוואָרן, ווי אזוי צו אָרגאניזירן דעם אופשטאנד.

אין לאנד—האָבן געזאָגט די אופשטענדלער—איז ניטאָ שוין מער קײַן אייניקע מאכט. ניט דער קעניג ריטשארד הערשט איבערן לאנד. די מאכט איז איבערגעגאנגען אין אנדערע הענט. מ'דארף זי אומקערן צו דעם, ווער ס'האָט אף איר רעכט. דעמאָלט וועט דאָס פאָלק אופהערן צו לײַדן. טויטן דארף מען די אלע, וואָס האָבן פארכאפּט די מאכט און ווענדן זי אָן צוליב זייערע אייגענע נוצן — די, וואָס האָבן פאראטן דעם קעניג. אזא פארעטער איז קוי־דעמקאָל דער קענטערבעריער בישוף, דער העכסטער סראָרע אין לאנד און פינאנץ־מיניסטער. לאָמיר פאָדערן בא אים א באריכט פון די האכנאָסעס און פון די גרויסע סומען, וואָס ער האָט צו־נויפגענומען באם פאָלק. ס'קומט אים מישפּעטן צום טויט.

א צווייטער פארהאסטער נאָמען באם פאָלק איז געווען דער לאנקאסטערער הערצאָג, דעם קעניגס פעטער. ער איז דער אָנפי־רער מיט דער מעלוכע־פארוואלטונג און באלעבאטעוועט אין לאנד צוזאמען מיט די אריסטאָקראטן.

דער קעניג דארף רעגירן ניט מיט דער הילף פון דער אריס־טאָקראטיִע, וואָס האָט אים פאראטן, נאָר מיט דער הילף פון די טרײַע געמיינדעס זײַנע, פונעם פאָלק. דעמאָלט וועט אופהערן הערשן אומרעכט אין לאנד, אומרעכט און פלאָגעניש פון די אומגעהײַערע צינשן, וואָס פריִער האָט מען פון זיי קיינמאָל ניט געוווּסט.

אין פארשיידענע ערטער האָבן די פירער פונעם אופשטאנד ארויסגעשטעלט זיך אלס שעליכים פון קעניג, וואָס פילן אויס זײַן ווילן און דעם ווילן פון זײַנע טרײַע געמיינדעס. אייניקע פון זיי האָבן אפילע געמאָלדן, אז זיי האָבן א שריפטלעכן באפעל פונעם קעניג. איבער די באוואָפנטע טיילן פון די אופגעשטאנענע האָבן געפלאטערט פאָנען מיטן קעניגס הערב. דער לאָזונג פון אופשטאנד איז געווען: „פארן קעניג ריטשארד און זײַנע טרײַע געמיינדעס!”.

די פויערים האָבן אלע זייערע האָפענונגען ארופגעלייגט אפן קעניג. מע דארף נאָר צוקומען צו אים און דערקלערן אים די גאנצע לאגע, וועט ער שוין געפינען אַ מיטל קעגן אלע זייערע צאָרעס, ער וועט זיי באפרײַען פון קנעכטשאפט, פונעם שווערן ביטערן יאָך

באשליסנדיק אוועקלאָזן זיך פון דאָרטפאָרד צו דער קרוינ־שטאָט לאָנדאָן, האָבן די אופשטענדלער בעדייע געהאט דערלאנגען דעם קעניג פערזענלעך א פעטיציִע וועגן זייערע נויטן און פאָדערן, מע זאָל זיי ארויסגעבן דעם קעניגס פארעטער.

בעראָש פון די אופגעשטאנענע קענטן איז געשטאנען וואָט טײַלער, א בלעכער פון עסעקס, מיט צוויי כאוויירים זײַנע.



## V. די פויערים אין לאָנדאָן

טויזנטקעפּיקע האמוינים זײַנען ארויסגעטראָטן און זיך אוועק־געלאָזט אין מארש קײַן לאָנדאָן. ס׳איז אָנגעמערקט געווען פּאר־קערעוועז אין וועג צו דער שטאָט קענטערבערי, ווו ס׳האָט גע־ווױנט דער בישוף סעדבערי, דער ערשטער מיניסטער אין קעניג־רײַך, איינער פון די סאמע פּארהאסטע מענטשן באם פאָלק.

די אופשטענדלער האָבן אָפּגעשטעלט אפן וועג די פּיליגרימען, וואָס זײַנען געגאנגען פון אלע עקן ענגלאנד טפילע טון קײַן קענטערבערי אָדער צוריק פון דאָרטן, און האָבן זיי געצווונגען געבן א שווּע. זיי האָבן באדארפט שווערן, אז זיי וועלן שטענ־דיק טרײַ בלײַבן דעם קעניג ריטשארד און די געמיינדעס, וועלן קומען צו הילף, ווען מע וועט זיי רופן, און ניט דערלאָזן, מע זאָל אין קעניגרײַך צונויפנעמען א וועלכן ניט איז אנדערן שטײַ־ער, אויסער דעם פופצנטל, ווי ס׳פלעג זײַן פאר די טאטעס און פאר די זיידעס.

ווי א גוילעם, וואָס וואקסט אויס פון געקײַקלטן שניי, אזוי איז די מוירדישע ארמיי געוואָקסן פון די מענטשן, וואָס זײַנען צוגעשטאנען צו איר אין וועג. די פירערס פון די באזונדערע מאכ־נעס האָבן צעשיקט מיטײלונגען איבער די שכיינישע ראיאָנען, אז קײַן איין פויער זאָל זיך ניט דערוועגן טון קײַן פליכט־ארבעט פארן פּאָרעץ און אז מע זאָל ניט צאָלן די פּריצים קײַן כויוועס. פאר ניט פאָלגן איז געקומען באשטראָפן מיט טויט.

געקומען קײַן קענטערבערי, האָבן די פויערים זיך ארײַנגעריסן אין בישופס פּאלאץ, אופגעזוכט די פעסער ווײַן, וואָס זײַנען

געלעגן באהאלטן אין די קעלערס, א טייל אויסגעטרונקען און א טייל צעגאָסן. זיי זײַנען אַרײַן אין די אפּאַרטאַמענטן און גענומען ברעכן און אַרויסוואַרפן פון די צימערן דאָס טײַערע מעבל, גע־שריגן, אַז זיי ווילן פאָדערן א חשבון פון די האַכנאָסעס און פון די גרויסע סומען, וואָס ער האָט צונויפגענומען זינט מע האָט געקרוינט דעם קעניג.

אפן צווייטן טאָג האָבן די קעגנטער טיילן, צוזאַמען מיט א סאך צוגעשטאַנענע קעגנטערבעריקער אײַנוווינער, זיך אוועקגעלאָזט צו דער קרוינשטאָט. אפן וועג האָבן זיי אויסגעבראָכן דעם בישופס טפיסע אין דער שטאָט מעדסטאָן און אַרויסגעלאָזט אַלע אַרעסטאַנטן.

צווישן די באַפרײַטע פון טפיסע איז געווען דער באַרימטער פאָלקס־רעדנער דזשאָן באָל.

א לעגענדע דערציילט וועגן דזשאָן באָלן: זיצנדיק אין טורמע, האָט ער פאָרויסגעזאָגט, אַז צוואַנציק טויזנט פרײַנט זײַנע וועלן קומען אים באַפרײַען פון טפיסע.

זײַן נעוואוע איז מעקוים געוואָרן, און די באַפרײַונג איז גע־קומען. דאָס פאָלק האָט דעם באַליבטן רעדנער געמאַכט פאַר א פירער זײַנעם צוזאַמען מיט וואָט טײַלערן. מיט זײַנע פײַערדי־קע רעדעס האָט באָל באַגײַסטערט דעם האַמוין.

מיטוואָך דעם 12־טן יוני האָבן די מוירדישע מאַכנעס זיך דער־נענט צו דער גרויסער שטאָט און אָפּגעשטעלט זיך עטלעכע ווערסט ווײַט פון איר, אויף א וואַלדיק בערגל אין דעם פלײַן בלעקגיז. ס'האָבן זיך דאָרט צונויפגעקליבן בא הונדערט טויזנט מאַן. די קרעפטן פון די אופשטענדלער זײַנען געוואָקסן, ס'זײַנען צוגעשטאַנען צו זיי אַלץ נײַע מאַכנעס. דזשאָן באָל האָט דאָרט געהאַלטן א רעדע פאַרן האַמוין:

„פריִער זײַנען אַלע מענטשן געווען גלײַך, אַזוי האָט זיי די נאַטור באַשאַפן. נאָר זינדיקע מענטשן האָבן קעגן יושער און גערעכטיקײַט אָנגעהויבן באַדריקן זייערע ברידער. אַזוי איז

אופגעקומען די קנעכטשאפט, וואָס איז אומווערדיק פאר גאָט. און אצינד איז געקומען די שאָ, ווען גאָט האָט באפוילן אראָפּ־ווארפן דעם אָל פון קנעכטשאפט און ווערן פריי! פריִער פון אלץ מוזן מיר פארטיליקן אלע פאָרנעמע לייט, די אריסטאָקראטן פון קעניגרייך. מע דארף אויך אויסראָמען פון דער וועלט די געזעצ־קענער, — די ריכטער, די אלע, וואָס קענען שאָדן ברענגען דעם פּראָסטן פאָלק. נאָר דאן, ווען אלע וועלן פריי זיין, ווען ס'וועלן ניט זיין קיין אריסטאָקראטן און פּראָסטאקעס, קיין הארן און קיין קנעכט, — נאָר דאן וועט דאָס פאָלק קענען געניסן פון פרידן".



דאָס פאָלק האָט אף דערדאָזיקער רעדע געענטפערט מיט באַ־גייסטערטע אויסגעשרייען:

— „באָל — אָט דאָס איז דער איינציקער מענטש, וואָס האָט די ווערט צו זיין א בישוף און א קאנצלער אין קעניגרייך!"

— „קעפּן דעם בישוף!"

געוואָרן א פאָלקס־פירער, האָט באָל אומעטום צעשיקט פלאמפיי־ערדיקע אופרופן, אופהייבנדיק אלעמען צו קאמף פאר גערעכטיקייט.

„דזשאָן באָל גריסט אייך אלעמען און לאָזט אייך וויסן, אז ער האָט שוין אָנגעקלונגען אין אייערע גלעקער. איצט איז די

צײַט פֿון רעכט און פֿון קראַפֿט, ווילן און פֿאַרשטאַנד. גאָט, אײַל די פֿאַרזאַמטע, ווײַל די צײַט איז שוין געקומען!".

די פּויערים האָבן זיך אָפּגערופֿן אויף רוף פֿונעם פּירער, זיי האָבן אַלצדינג איבערגעגעבן צו שאַרף פֿון שווערד און פֿלאַם פֿון פֿײַער, ווײַל זיי האָבן גערעכנט, אַז דערמיט שטייען זיי אויף צו פֿאַרטיידיקן דעם עמעס פֿון גאָט.

אין צוויי שטראָמען האָבן די אופּשטענדלער זיך געצויגן צו דער קרוינשטאָט. פֿון צאָפֿן־מיזרעך זײַנען געגאַנגען די עסעקסן, פֿון דאָרעם־מיזרעך — די קענטן. די קענטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די בערגלעך פֿונעם פֿלײַן בלעקגיז, די עסעקסן — סאַמע בײַ דער שטאָט, אויף אַ גרויסן שפּאַציר־פֿעלד מיטן נאָמען מײַלענד.

צו דער צײַט, ווען די מוירדישע פֿאָלקן זײַנען צוגעקומען צו לאָנדאָן, איז שוין גאַנץ דאָרעם־מיזרעך־ענגלאַנד געווען אין פֿײַער פֿון אופּשטאַנד. אומעטום האָבן די פּויערים געגאַרט אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם יאָך פֿון לײַבקנעכטשאַפֿט. די רעגירונג האָט געשיקט איין פֿאָלק נאָכן צווייטן אײַנצושטילן די אומרוען, נאָר פֿיל פֿון זיי זײַנען איבערגעגאַנגען אויפֿן צד פֿון די אופּשטענדלער.

די פּריצים האָבן זיך געראַטעוועט פֿון טויט פֿאַר גרויס אויף קויף־געלט, אָדער זיי זײַנען אַנטלאָפֿן.

די אָרעמע מאַסן פֿון דער קרוינשטאָט — באַלמעלאָכעס, אַרבעטער — זײַנען צוגעשטאַנען צו די פּויערים און האָבן פֿאַרגרעסערט זייערע קרעפֿטן.

אין דעמזעלבן טאָג, ווען באַל האָט מיט זײַנע רעדעס באַגײַסטערט די פֿאָלקן, האָבן די קענטן פֿון זייער לאַגער אין בלעקגיז אַרויסגעשיקט שעליכים צום קעניג.

דער קעניג האָט זיך באַהאַלטן אין טאָוערער פּאַלאַץ צוזאַמען מיט זײַנע קרויווים, סראָרעס און הויפֿלײַט.

די אופּשטענדלער האָבן באַפֿוילן די שעליכים אויסדערציילן פֿאַרן קעניג די אַלע צאָרעס און פּלאָגענישן, וואָס זיי שטייען אויס צוליב די שטײַערן און רעדיפֿעס פֿון די אַריסטאָקראַטן.

די אופשטענדלער האָבן געמאָלדן, אז זיי האָבן זיך צונויפגעקליבן קעדיי צו באפרײַען דעם קעניג פון זײַנע פארעטער, וועלכע זיי וועלן גלײַך אפן אָרט אומברענגען. זיי דריקן אויס זייער איבערגעגעבנקײַט דעם קעניג. אלצדינג, וואָס זיי טוען, טוען זיי פונזײַנעטוועגן. פיל לײַדט דאָס פאָלק פון די שלעכטע פירעכטסן. שולדיק זײַנען אין דעם דעם קעניגס קרויווים און די גײַסטלעכע, באזונדערס דער קענטערבעריער בישוף. זיי ווילן בא אים פאָדערן א דין־וועכעשבן.

דער לאָנדאָנער מער האט ארויסגעשיקט דרײַ שטאָט־דעפוטאטן צו די אופשטענדלער זאָגן זיי אין נאָמען פון קעניג, אז „זיי זאָלן ניט צוגיין נאָענט צו דער שטאָט און ניט אָנווארפן קײַן בעהאָלע אפן קעניג מיט די הויפלײַט, און אויך אף דער שטאָט, זיי זאָלן פאָלגן וואָס דער קעניג וועט זיי הייסן און ארויסווײַזן פאר אים די געהעריקע אכטונג”.

אָבער צווישן די שטאָט־דעפוטאטן זײַנען געווען אזוינע, וואָס האָבן געהאַלטן מיט די אופשטענדלער. אנשטאָט אָפצורייִדן די פירער פון זייערע פלענער האָבן זיי געמאכט מיט זיי אכדעס. זיי האָבן אײַנגעלאדן די אופשטענדלער אין שטאָט ארײַן, פארזיכערט זיי, אז די באפעלקערונג פון קרוינשטאָט האלט מיט זיי איינס. אז זיי וועלן זיי אופנעמען, ווי א פאָטער נעמט אוף א קינד, ווי מע נעמט צו א נאָענטן פרײַנט, וועלן זיי באזאָרגן מיט שפּײַז און אלעם נייטיקן.

אין הויף האָט מען דערווײַל באשלאָסן, אז דער קעניג דארף ארויסגיין זיך זען מיט די אופשטענדלער און זיי בארויִקן.

מע האָט צוגעגרייט עטלעכע שיפלעך. דער קעניג מיט דער סוויטע האָבן זיך ארײַנגעזעצט, און די שיפלעך זײַנען אָפגעשווומען אראָפּ מיט דער טעמזע.

פון בלעקגיז האָט זיך א טייל אופשטענדלער אראָפּגעלאָזט צום וואסער באגעגענען דעם קעניג. דערזעען דעם קעניג פאָרן

איבערן טײַך, האָבן עטלעכע טויזנט מאַן געװמען באַגריסן אים מיט אויסגעשרייען.

א בייזע שרעק איז באַפאַלן די הויפּלײַט. זיי האָבן אײַנגע־שמועסט דעם קעניג, ער זאָל זיך ניט אײַנשטעלן אַרויסגיין אַפן ברעג צו די דאָזיקע „אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע באַנדיטן". „גרויס איז די געפאַר, אויב דו וועסט אַרײַנפאַלן צו זיי אין די הענט". די שיפלעך האָבן שנעל אויסגעקערעוועט אף צוריק און אָפּגעפירט דעם קעניג מיט די הויפּלײַט אין פּאַלאַץ אַרײַן.




די קענטן האָט דאָס שרעקלעך אופגערעגט. מיט געשרייען: „פאַראַט!" האָבן זיי זיך געלאָזט צו דער קרוינשטאָט און פאַר־נומען די פאָרשטאָט סאַוטוואַרק.

די קענטער פויערים צוזאַמען מיט די אײַנוווינער פון דער פאָרשטאָט, וואָס זײַנען צו זיי צוגעשטאַנען, האָבן אופגעבראָכן די

טורמעס, ארויסגעלאָזט די ארעסטאנטן, צעראַבירט די הײַזער פון די סטראפּטשעס און אדוואָקאטן. מע איז אָנגעפאלן אפן בישופס פּאלאץ. אלצדינג, וואָס מע האָט דאָרט געפונען — ביכער, דאָקו־מענטן און אנדערע כּפייצים — האָט מען געלאָזט מיטן פײַער.

דער לאָנדאָנער מער האָט באפוילן פארשפּארן אלע טויערן פון שטאָט און אָפּגעגעבן א פאראָרדענונג, אז די שטאָט־דעפּוטאטן צוזאמען מיט די אײַנוווינער פון זייערע קווארטאלן זאָלן זיך בא־וואָפּענען און האלטן וואך בא די טויערן, ניט ארײַנלאָזן די אופ־שטענדלער אין שטאָט ארײַן. אָבער די שטאָטישע אָרעמע מאסן האָבן מיטגעפילט מיט די פויערים און ניט געלאָזט פארשפּארן די טויערן. זיי האָבן געוואָרנט דעם מער, אז ער שפּילט מיטן לעבן אויב ער וועט זיך עס דערוועגן טון. אזוי האָבן די אופשטענדלער זיך פרײַ געקענט פארקערן מיט דער שטאָט.

א טייל שטאָטישע סאָכרים, וואָס זײַנען געווען געשטימט קעגן דער רעגירונג, זײַנען ארײַנגעטראָטן אין באציִונגען מיט די אופשטענדלער. אייניקע שטאָט-דעפּוטאטן האָבן אופגענומען בּ־נאכט צו זיך די פירער און זיך מיט זיי בּאראָטן.

איינעם פון די דעפּוטאטן, סײַביל, האָט מען איבערגעגעבן צו באוואכן א קייטן־בּריק. נאָר ער האָט אלעמען, וואָס זײַנען געקו־מען אים העלפן, אָפּגעשיקט צוריק און זיי געזאָגט: „די קענטן זײַנען אונדזערע פרײַנט און דעם קעניגס פרײַנט. צוליב וואָס זאָלן מיר פארשפּארן די טויערן?"

אזוי זײַנען בּא דער הילף און מיטגעפיל פון די שטאָט־אײַנוווינער די קענטן ארײַנגעטראָטן קײַן לאָנדאָן.

אין דערזעלבער צײַט זײַנען דורך די דאָרעם־מיזרעכדיקע טויערן ארײַנגעקומען אין שטאָט די עסעקסן, וואָס זײַנען געשטאנען אין מײַלענד. די אײַנוווינער פון דער קרוינשטאָט זײַנען גלײַך צוגעשטאנען צו זיי. טויזנטער מענטשן האָבן מיט געשרייען זיך אוועקגעלאָזט צום פּאלאץ פונעם לאנקאסטערער הערצאָג.

דער הערצאָג איז געווען אומגעהײַער רײַך. איז פּאלאץ זײַנען געווען אָנגעזאמלט אָן א שיר אויצרעס: מאטבֿייעס, זילבערנע פון גאָלדענע קיילים, טײַערע צירונג. האָט מען אונטערגעצונדן דעם פּאלאץ פון אלע זײַטן. דאָס גאנצע אשרעס איז אומגעקומען אין פײַער. קיינער האָט זיך ניט דערוועגט צורירן זיך צו די טײַערע כפייצים. טאָמער האָט מען עמעצן געכאפּט מיט א גנייווע, האָט



מען אים גלײַך אפן אָרט געהארגעט. ווער ס'האָט זיך געפּאקט מיט א שטיקל זילבער פּארוקט אין בוזעם, דעם האָט מען אין פײַער ארײַנגעוואָרפֿן. „מיר זײַנען ניט קײַן רויבער און גאנאָווים, מיר שטייען פאר עמעס און גערעכטיקײַט", —האָבן די פּויערים געזאָגט.

צעראבירט דעם פּאלאץ, האָבן די אופשטענדלער זיך אוועק-געלאָזט צום אדוואָקאטן־הויז. מע האָט געהאקט מיט העק די ספאָרים

און די דאָקומענטן און דערנאָך זיי פארברענט. ניט ווײַט פון דאָרט איז געשטאנען א טפיסע, האָט מען זי אופגעבראָכן און באפרײַט די ארעסטאנטן. צערויבט נאָך אסאך הײַזער, באזונדערס די הײַזער פון די סטראפּטשעס און אדוואָקאטן. ווער פון זיי ס׳האָט זיך געפּאקט צום האמוין אין די הענט, דעם האָט מען געטויט אפן אָרט. א גאנצן טאָג האָט מען גערויבירט די שטאָט.

דער גרעסטער טייל האמוין האָט זיך דערוויַיל צונויפגעקליבן ארום קעניגס פּאלאץ.

— זאָל דער קעניג אויסהערן דאָס פאָלק און אויספילן זײַן ווילן! — האָבן זיי געפאָדערט.

דאָס איז געווען אָן עמעסע באלאגערונג: די אופשטענדלער האָבן איבערגענומען אלע שפּײַז־פּראָדוקטן, וואָס מע האָט גע־בראכט מיט דער טעמזע פארן קעניגס טיש.

דעם 14-טן יוני אינדערפרי האָט דער האמוין, וואָס האָט באלעגערט דעם טאָוערער פּאלאץ, אופגעהויבן א גע־רודער:

„זאָל דער קעניג ארויסגיין זיך דורכשמועסן מיט די פּויערים. זאָל ער ארויסגעבן די פארעטער און די אומווערדיקע ראטגעבער זײַנע, אניט וועלן מיר צערויבירן דעם פּאלאץ און אלע אויסהאר־גענען. מירן ניט שאנעווען אפילע דעם קעניג אליין. זאָל דער קעניג טייקעף ארויסגיין קיין מײַלענד אָן שום געווער!״

א טויט־שרעק איז באפאלן דעם קעניג און זײַן סוויטע. די טויערן פונעם פּאלאץ האָבן זיך געעפנט, און דער קעניג איז ארויס־געפאָרן צו די אופשטענדלער, באגלייט פון זײַנע קרויווים און פון א קליינער מאכנע הויפלײַט.

א טייל פּויערים זײַנען מיטגעגאנגען מיטן קעניג, און דער אי־בעריקער האמוין האָט זיך ארײַנגעריסן אין פּאלאץ ארײַן. „ווו זײַנען די פארעטער?״ — האָבן זיי געשריגן. זיי זײַנען אומגע־לאָפן איבער אלע צימערן, זוכנדיק דעם בישוף און די איבעריקע פארהאסטע סראָ׳רעס.

טויזנט צוויי הונדערט סאָלדאטן האָבן געהאַלטן וואך אין פּאַ־לאַץ, זיי זײַנען אָבער געווען מאַכטלאָז און האָבן גאָרניט ניט געקענט טון. געפּלעפּט פון שרעק, זײַנען זיי געשטאַנען און שווײַגנדיק צוגעקוקט צו דעם, וואָס ס'טוט זיך ארום זיי.

מיט שטעקנס אין די הענט האָבן די פּויערים אומגעשפּאַצירט איבער די פּאַלייען פון פּאַלאַץ, פּאַרקליבן זיך צום קעניג אין שלאָפצימער און אין זײַן מוטערס שלאָפצימער, געזעצט און גע־לייגט זיך אויף די בעטן, געשמאַק זיך געזידלט. זיי האָבן גע־צופּעט די וואַכלײַט פאַר די בערד, פאַרגעלייגט זיי איבערגיין אויף זייער זײַט און צוזאַמען מיט זיי זוכן די פאַרערטער.

ענדלעך, האָבן זיי אויפגעזוכט דעם בישוף ערגעץ אין א קאַפּ־ליצע. מיט געשרייען „פאַרעטער!" „באַנעמער!" האָבן זיי אים אוועקגעשלעפּט אויף א בערגל לעבן פּאַלאַץ און מיט א האַק אים אראָפּגענומען דעם קאָפּ. צוזאַמען מיטן בישוף האָט מען געקעפּט נאָך עטלעכע מאַן, בעטויכעם דעם סקאַרבניק פון קעניגרײַך און איינעם אַן אָפּנעמער פון קאָפּ־שטײַער.

די קעפּ פון די געטויטע האָט מען ארופגעזעצט אויף שפּיזן. דער האַמוין האָט זיי ארומגעטראָגן איבער די גאַסן פון קרוינשטאָט און געשריגן: „אָט דאָס זײַנען די קעפּ פון די פאַרעטער!" אפן בישופס קאָפּ האָט מען אָנגעטון א רויט היטל און עס צוגעשלאָגן צום שטערן מיט א טשוואָק. דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די אַנדערע.

יעדן, וועמען מע האָט באַגעגנט אין וועג, האָט מען געפרעגט: „מיט וועמען ביסטו?" אויב יענער האָט ניט געענטפערט: „פאַרן קעניג און פאַר די טרײַע געמיינדעס" — האָט מען אים אראָפּגע־ריסן דאָס היטל און אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ.

צוזאַמען מיט די פּויערים האָבן אין שטאָט זיך באַטייליקט אין פּאָגראָם אויך אײַנוווינער פון לאָנדאָן גופא. באַלמעלאָכעס-אַר־בעטער האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט זייערע באַלעבאַטים. מע האָט געבראָכן הײַזער פון די רײַכע שטאָטלײַט, בא די אייגנטימער

גענומען אויסקויף־געלט אָדער זיי געטויט. מע האָט אויך געראַבירט די הײַזער פון אויסלענדישע באַנקירן־פּראָצענטניקעס, וואָס זײַנען שטאַרק פאַרהאַסט געווען באַם פאָלק.

די לאָנדאָנער אײַנוווינער האָבן געהאַרגעט פרעמדלענדישע סאָכרים און באַלמעלאָכעס, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייערע קאָנקורענטן. מע האָט אויך געזוכט גראַמאָטעס, אין וועלכע ס׳זײַנען געגעבן געווען באַזונדערע רעכט פאַר די גרויסע סאָכרים.

יעדערער, ווער ס׳האָט זיך געהאַלטן באַוואוּלט פון עמעצן, האָט געקײַלט אויפשטעלן זײַנע רעכט אָדער נעקאָמע נעמען פאַר דעם אומרעכט, וואָס מע איז קעגן אים באַגאַנגען.

דער אויפשטאַנד האָט אַרומגעכאַפּט אַלע פאָרשטעטל פון לאָנ־דאָן, און אומעטום האָט מען געראַבירט, הײַזער געברענט, פאַר־ניכטעט דאָקומענטן.

דערווײַל איז דער קעניג מיט זײַן סוויטע אָנגעקומען קײַן מײַלענד, ווי ס׳האָבן געפאָדערט די עסעקסן.

דער קעניג האָט געציטערט פון שרעק. טויזנטער פאַרצאָרנטע פּענימער האָבן שטרענג געקוקט אַף אים. האַכנאָעדיק און מיט כאַניפע־רייד האָט ער באַגריסט דעם האַמוין. ס׳זײַנען צוגעקומען צו אים עטלעכע מענטשן און דערלאַנגט אים אַ בריוו, אין וועלכן ס׳זײַנען אויסגערעכנט געווען די פאָדערונגען פון פאָלק. מע האָט געמאָלדן דעם קעניג, אַז ער וועט ניט אַוועקגיין פונעם פאָלק ביזוואַנען ער וועט ניט געבן זײַן האַסקאָמע אַף פאָלגנדיקע פאָדע־רונגען.

1. אַלע לײַבקנעכט ווערן אָפּגעלאָזט און באַפרײַט פון קנעכט־שאַפט. פון איצט אָן און ווײַטער טאָר קײַן איין לײַבמענטש אין לאַנד מער ניט זײַן.

2. דער קעניג פאַרגיט אַלע זײַנע אונטערטאַנען די פאַרברעכנס, וואָס זיי זײַנען קעגן אים באַגאַנגען: אויפשטאַנד, פאַראַט, מאָרד, רויבערײַ, שאַנטאַזש, און שענקט יעדערן זײַן פעסטן פרידן.

3. אלע אונטערטאנען ווערט געגעבן די רעכט פרייַ צו קויפן און פארקויפן אין אלע שטעט, שטעטלעך, אין די דערפער, ווו ס'קומט פאָר האנדל, און אין אלע אנדערע ערטער אין די גרענעצן פון קעניגרייַך.

4. ביז איצט האָבן מיט דעם קעניג אָנגעפירט שלעכטע ראט־געבער, ווייַטער טאָר דאָס אזוי ניט זייַן.

דער קעניג איז אף אלץ אייַנגעגאנגען. ער האָט געבעטן דאָס פאָלק פרידלעך זיך צעגיין אהיים, אין לאָנדאָן זאָלן נאָר בלייַבן צו צוויי אָדער דרייַ מענטשן פון יעדער דאָרף. מע וועט זיי אַרויס־געבן גראמאָטעס מיט דעם קעניגלעכן שטעמפל, אין די גראמאָטעס וועט זייַן אויסגערעכנט אלץ, וואָס דאָס פאָלק האָט פארלאנגט.

די פויערים זייַנען אייַנגעגאנגען דערויף. זיי זייַנען מיד געוואָרן פונם לאנגן קריגמארש, זיי האָבן זיך פארבענקט אהיים נאָך ווייַב און קינדער. דערצו איז אונטערגעפאלן ארבעט־צייַט. האָבן זיי באשלאָסן אוועקגיין און איבערלאָזן פון זיך אויסדערוויילטע דעפּוטאטן, וואָס דארפן באקומען די קעניגלעכע גראמאָטעס.

דער קעניג מיט זייַנע הויפלייַט האָבן זיך אומגעקערט קייַן לאָנדאָן. מע איז גלייַך צוגעטראָטן פארטיק מאכן די באפרייַונג־גראמאָטעס. מע האָט זיי געזיגלט מיטן קעניגלעכן שטעמפל און איבערגעגעבן די דעפּוטאטן.

די פויערים פון עסעקס זייַנען אוועקגעגאנגען. געבליבן זייַנען אין לאָנדאָן די פויערים פון קענט אונטער דער אָנפירונג פון וואָט טייַלער, דזשעק סטראָו און דזשאָן באָל. דרייַסיק טויזנט מאן זייַנען זיי געווען.

די איבערגעבליבענע קענטן זייַנען ניט געווען באפרידיקט מיטן קעניגס גראמאָטעס.

א קלײנער טייל פון זיי, מיט וואָט טייַלער און דזשעק סטראָו אין דער שפּיץ, האָבן געוואָלט מאכן א מעלוכע־איבערקערעניש. שפּעטער, אז מע האָט דעם אופשטאנד דערשטיקט, האָט דזשעק

סטראָו אין זײַן ווידע פּאַרן טויט דערציילט, וואָס די קענטן האָבן פאַרטראַכט צו טון:

„מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסרופן דעם קעניג אויף אונטערהאַנד־לונגען און אויסהאַרגענען אַלע פּריצים, וואָס וועלן קומען מיט אים צו גיין. דעם קעניג אַליין האָבן מיר געמיינט מיטנעמען מיט זיך און אַרומפירן אים פון איין אָרט אויפן צווייטן, אָפּטיילן אים גרויס קאָוועד, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ קעניג, קעדיי די אַלע, וואָס וועלן אים זעען מיט אונדז, באַזונדערס דער פּראָסטער אוילעם, זאָלן האָבן מוט צושטיין צו אונדז, מיינענדיק, אַז ניט אַנדערש, נאָר דער קעניג אַליין האָט פאַרקאָכט די גאַנצע מערידע. צונויפ־נעמענדיק אויף אַזאַ אויפן אָן אַ שיר פּראָסטע לײַט איבער אַלע גראַפּטומס, האָבן מיר געמיינט אויסהאַרגענען אַלע פּריצים, וואָס וועלן זיך שטעלן קעגן אונדז. דערנאָך נעמען מיר און האַרגענען אויך אַוועק דעם קעניג, מיר ראָטן אויס פון דער וועלט אַלע גײַסטלעכע, די בישופן, מאָנאַכן, די עלטסטע גאַלאָכים, נאָר די אָרעמע וואַנדער־מאָנאַכן לאָזן מיר לעבן. מע וועט זיך קענען באַגיין מיט זיי אַליין, זיי זאָלן פּראַווען די קלויסטער־דינסט איבערן גאַנצן לאַנד. דעמאָלט, ווען ס׳בלײַבט שוין ניט אין לאַנד קיינער, וואָס זאָל זײַן שטאַרקער פון אונדז, מוטיקער און געלערנ־טער פון אונדז, — הייבן מיר אָן אַרויסגעבן געזעצן פאַר די אונטער־טאַנען, ווי אַזוי צו פירן זיך אין לעבן, אַזוינע געזעצן, ווי מיר אַליין וועלן זיך וועלן. מיר קלײַבן זיך דעמאָלט אויס קעניגן אַפילע אויך. וואָס טײַלערן מאַכן מיר פאַר אַ קעניג אין קענט, און אין די איבעריקע ערטער — אין יעדער גראַפּטום אַ באַזונדער קעניג״.

די קענטן האָבן געבעטן דעם קעניג קומען צום סמיספילד־פּלאַץ פירן אונטערהאַנדלונגען. דער קעניג האָט צוגעזאָגט קומען.

אַ גרויסער האַמוין איז אין מיליטער־אָרדענונג געשטאַנען אויפן פּלאַץ און געוואַרט אויפן קעניג. דער קעניג איז צוגעפאָרן, באַגלייט פון זײַנע הויפלײַט און פון אַ קליינער מאַכנע שטאָטלײַט.

איינער פון די שטאָטלײַט איז צוגעקומען צו די פּויערים און אײַנגעלאַדן דעם פירער זייערן, וואָס טײַלערן, אָנהייבן די אונ-טערהאַנדלונגען.

דער פירער פון די פּויערים האָט זיך אַרופגעזעצט אויף אַ קליין פערדל און, באַגלייט פון זײַן פּאַרטנער, בלויז מיט איין שווערד אין דער האַנט, האָט ער זיך געלאָזט צום קעניג. צופּאָרנדיק, איז טײַלער אַראָפּ פון זײַן פערדל, העפלעך אײַנגעבויגן די קני פאַרן קעניג, אָנגעכאַפּט זײַן האַנט און פעסט, גראָב זי אַ דריק געטון און געזאָגט:

— זײַ רויק, ברודער, און זאָרג ניט. ניט מער, ווי אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, וועלן די געמיינדעס דיך דאַנקען מער נאָך ווי איצט, און מיר וועלן זײַן גוטע כאַווײרים".

דער קעניג האָט געפרעגט טײַלערן, פאַרוואָס וויל ער מיט זײַנע כאַווײרים זיך ניט אומקערן אַהיים, ווי אַנדערע האָבן געטון. די קעניגלעכע גראַמאָטע האָט זיי דאָך געגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געפאָדערט.

טײַלער האָט געמאָלדן, אַז ניט ער, ניט זײַנע כאַווײרים וועלן ניט אַוועקגיין, ביז וואַנען זיי וועלן ניט באַקומען קײַן גראַמאָטע מיט נײַע צוגעגעבענע פּונקטן. אויב אָט די פּונקטן וועלן ניט צו-געגעבן ווערן, וועלן די לאָרדן פון קעניגרײַך דערנאָך שטאַרק כאַראָטע האָבן דערויף.

דער קעניג האָט אים געפרעגט, וואָס זײַנען עס פאַר אַ פּונקטן. האָט זיי טײַלער אויסגערעכנט:

1. אַלע וועלדער און אַלע וואַסערן, וואָס די פּריצים נוצן זיך איצט מיט זיי, גייען איבער אין אַלגעמיינעם רעשוס, אַז אי די רײַכע, אי די אָרעמע זאָלן קענען כאַפּן פיש אין אַלע טײַכן, יאָגן כאַיעס אין אַלע וועלדער, טרײַבן האָזן אין אַלע פעלדער.

2. אין קעניגרײַך דאַרף זײַן איין געזעץ פאַר אַלעמען. פון איצט אָן און ווײַטער טאָרן די ריכטער ניט אָפּנעמען בא קיינעם דאָס רעכט צו געפינען זיך אונטערן שוץ פון געזעץ.

3. די רעכט פון די פריצים ווערן אָפּגעשאפן, ס'ווערט איינגע־שטעלט גלייכע רעכט פאר אלעמען, אויסער דעם קעניג.

4. דאָס פארמעגן, וואָס געפינט זיך אין רעשוס פון די מאָ־נאכן, גאלאָכים און אנדערע „הייליקע" לייט, אויסער דאָס סאמע נייטיקע צום לעבן, ווערט באַ זיי אָפּגענומען און צעטיילט צווישן די מיטגלידער פון דער געמיינדע.

5. די גאנצע ערד פון די בישופן ווערט צעטיילט צווישן די געמיינדעס. אין ענגלאנד דאַרף זיין ניט מער ווי איין בישוף.

6. אין ענגלאנד דארף ניט זיין ניט קיין לייבמענטשן און ניט קיין לייבערעכט. אלע זיינען פריי און גלייך צווישן זיך.

דער קעניג האָט צוגעזאָגט אויספילן דידאָזיקע אלע פאָדע־רונגען און פאָרגעלייגט טיילערן מיט זיינע כאוויירים צעפאָרן זיך אהיים.

ס'איז געווען אַ הייסער טאָג. פון די לאנגע שמועסן מיטן קעניג איז באַ טיילערן טרוקן געוואָרן אין האלדז, האָט ער געשיקט זיין פאָנענטרעגער נאָך א טרונק. מע האָט אים געבראכט וואסער, דערנאָך ביר. ער האָט אויסגעשווענקען פארן קעניג אין די אויגן דאָס מויל, דערנאָך האָט ער אָפּגעזופּט א היפשן טרונק ביר און באלד גענומען זיך זעצן אפן פערדל. אפן קעניג האָט ער זיך שוין ניט אומגעקוקט.

אין דעמדאָזיקן מאָמענט איז איינער פון דער סוויטע ארויס־געגאנגען פון די הינטערשטע רייען א קוק טון אפן פירער פון די אופשטענדלער. ווי נאָר ער האָט דערזעען טיילערן, האָט ער הויך אף א קאָל געמאָלדן, אז דאָס איז דער גרעסטער גאנעוו און רויבער אין גאנץ קענט.

דערהערט דידאָזיקע ווערטער, איז טיילער אופגעציטערט געוואָרן. שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, האָט ער געהייסן דעמדאָ־זיקן פארשוין צוגיין צו אים נעענטער. אז יענער איז צוגעגאנגען, האָט טיילער באפוילן זיין פאָנענטרעגער אראָפּגיין פון פערד און אָפּהאקן אים דעם קאָפּ. דער באליידיקער האָט גענומען טייַנען, אז

ער איז קײַן שום שולד ניט באַגאַנגען, ווײַל ער האָט געזאָגט בלויז דעם ריינעם עמעס, און אַז ביכלאל וויל ער ניט פאַרפירן מיט אים קײַן קריג פאַרן קעניג אין די אויגן.

דעמאָלט האָט טײַלער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים מיטן שפּיזמעסער אין די הענט, אַרײַנפּאָרנדיק מיטן פערד צווישן די רייען פון דער סוויטע.




דער לאָנדאָנער מער האָט אים אָפּגעהאַלטן און געמאָלדן, אַז ער וועט אים אַרעסטירן. דאַן האָט טײַלער אַ זעץ געטון דעם מער מיטן מעסער איבערן בויך. דער מעסער האָט זיך אַ גליטש געטון איבערן פּאַנצער, און דעם מער האָט גאָרניט ניט געשאַדט. דער מער פון זײַן זײַט האָט אַרויסגעכאַפּט די שווערד פון שיידל און אַ קלאַפּ געטון טײַלערן פריִער אין נאַקן, דערנאָך איבערן קאָפּ. איינער פון דער סוויטע האָט מיט עטלעכע קלאַפּ פון שווערד אים שטאַרק פאַרוווּנדעט. טיילער איז געפאַלן אויף דער ערד. די הויפלײַט האָבן אים אַרומגערינגלט און אוועקגעשלעפּט אין נאָענטן קלויסטער.

די פויערים האָבן לעכאטכילע גאָרניט באמערקט, נאָר אינגיכן האָבן זיי זיך דערוווסט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. א גרויזאַמער געמורמל האָט זיך דורכגעטראָגן צווישן האמוין. אלע האָבן אָנגעצויגן די פײַלנבויגנס און זײַנען גרייט געווען אָפּשיטן מיט טויזנטער פײַלן דעם קעניג מיט זײַן סוויטע אויס נעקאָמע פארן מאָרד פון זייער פירער.

דער קעניג האָט זיך ניט פארלאָרן און איז געפאלן אף אן אײַנפאל. ער האָט זיך געלאָזט אף כיטרעקעס. אײַנגעצוימט דאָס פערד, האָט ער זיך איינער אליין אוועקגעלאָזט צום האמוין.

„איך בין אײַער פירער, איך בין אײַער קעניג!" — האָט ער א געשריי געטון. — „ווער ס'איז מיט מיר, דער זאָל גיין נאָך מיר אין פעלד! איר וועט באקומען אלץ, וואָס איר ווילט!"

די פויערים זײַנען דערשטוינט געבליבן פונעם קעניגס דרייסטקײַט, פון זײַנע ווערטער. זיי האָבן געגלויבט אין זײַן אופריכטיקײַט, און ווי איין מענטש האָבן זיי זיך אלע אוועקגעלאָזט נאָך אים אין פרײַען פעלד ארײַן. דאָרט אין פעלד האָבן די פויערים געזאָלט זיך צונויפרעדן מיטן קעניג. זיי זײַנען אײַנגעגאנגען אָנהייבן פירן אונטערהאנדלונגען וועגן שאָלעם נאָר אין דעם פאל, אויב מע וועט זיי ארויסגעבן טײַלערס מערדער.

דערווײַל איז דער מער אוועקגעפאָרן אין שטאָט ארײַן און אופגעהויבן א בעהאָלע: דער קעניג איז אין געפאר! מע מוז טייקעף קומען אים צו הילף, אניט וועט זײַן שפעט! א מאכנע באוואָפנטע שטאָטלײַט זײַנען אוועק הינטער דער שטאָט ראטעווען דעם קעניג.

צו יענער צײַט זײַנען די אופשטענדלער געשטאנען אין פעלד און איבערגעקלערט, צי זאָלן זיי טויטן דעם קעניג, אָדער בעסער באקומען די גראמאָטעס און פרידלעך זיך צעגיין איבער די הײַזער. די באוואָפנטע טיילן, וואָס זײַנען אָנגעקומען פון שטאָט, האָבן זיי

צעטומלט און געמאכט נאָכגיביקער. זיי זײַנען מוסקעם געוואָרן באקומען די גראמאָטעס און זיך צעגיין אהיים.

דער קעניג האָט באפוילן ארויסגעבן די גראמאָטעס און האָט זיך אומגעקערט קיין לאָנדאָן.

אין דעמזעלבן טאָג האָט מען אין לאָנדאָן אויסגערופן א באפעל:

ווער ס'איז ניט קײַן לאָנדאָנער אײַנגעבירטער, און אויך דער, וואָס וווינט אין דער קרוינשטאָט ווייניקער פון א יאָר, מוז טייקעף פארלאָזן די שטאָט, אויב ניט וועט ער פארעכנט ווערן פאר א פארברעכער און וועט באצאָלן מיטן לעבן".



מע האָט ארויסגעגעבן די פויערים באפרײַונג־גראמאָטעס מיטן קעניגלעכן שטעמפל. אומגעהײַערע האמוינים פויערים האָבן אין פולער אומאָרדענונג פארלאָזט די שטאָט און זיך צעזייט איבערן לאנד.

אין דער גראמאָטע איז געווען געמאָלדן, אז דער קעניג האָט באַוויליקט מיט גרויס כעסעד אָפּלאָזן פרײַ אלע זײַנע אונטערטאנען פון נידעריקן שטאנד, באפרײַען זיי פון יעדער פערזענלעכער אָפּהענגיקײַט און קנעכטשאפט. ער פארגיט זיי אלע זייערע זינד און פארברעכנס — אופשטאנד, פאראט, מאָרד, רויבערײַ. אלעמען און

יעדערן שענקט ער זײַן פעסטן פרידן. ער באגערט, אז אלע זײַנע אונטערטאנען זאָלן קאָנען פרײַ קויפן און פארקויפן אין אלע שטעט און שטעטלעך, אין די האנדלס־דערפער און אין אלע אנדערע ערטער פון לאנד. קײַן איין אקר ערד וועט פון איצט אָן ניט אָפּגעגעבן ווערן אנדערש, ווי נאָר פאר געלט.

# VI. דער קעניג און די פּריצים רעכענען זיך אָפּ מיט די פּויערים

אומקערנדיק זיך אהיים מיט די קעניגלעכע גראמאָטעס, זײַנען די פּויערים געווען זיכער, אז זיי זײַנען שוין פרײַ פון פּאנשטשינע און פון אלערליי לײַב־פּליכטן. קיינעם פון זיי איז ניט געקומען אפן זינען, אז דעם קעניגס אלע האווטאָכעס זײַנען בלויז פּוסטע ווערטער, אז דאָס איז נאָר געווען א מיטל אויסצודרייען זיך פון די פּויערים אין דער צײַט פון סאקאָנע. קיינער האָט ניט געקלערט, אז דאָס אלץ וועט באָטל ווערן, און די פּויערים וועלן מוזן ווידער אָנטון אף זיך דעם יאָך פון פּאנשטשינע, אז ס'זײַנען אָנגעגרייט פאר זיי שרעקלקכע שטראָף און עקזעקוציִעס.

ווי נאָר די קענטן זײַנען אוועק פון לאָנדאָן, האָט דער קעניג צעשיקט א באפעל, אז „די אלע, וואָס זײַנען טרײַ דעם קעניג, זאָלן אף פערד און מיט וואָפן אין האנט אומגעזאמט קומען אין דער קרוינשטאָט".

אין דרײַ טעג ארום האָט זיך אין לאָנדאָן צונויפגעקליבן בא פערצען טויזנט רײַטער. און נאָך אין עטלעכע טאָג ארום איז צעשיקט געוואָרן אן אוקאז פונעם קעניג. אינעם אוקאז ווערן אָפּגעלייקנט אלע קלאנגען, וואָס די אופשטענדלער פארשפּרייטן, אז דער קעניג האָט זיי קלאָמערשט באווילקט אופצוהייבן דעם אופשטאנד. די מאכט אף די ערטער און אויך אלע טרײַע אונטער־טאנען דארפן ארויסווײַזן די אופגעשטאנענע פּויערים א ווידער־שטאנד, די אופשטענדלער דארפן טייקעף זיך צעגיין איבער די

הײַזער, אין קעגנפאל דראָט זיי טויט־שטראָף און קאָנפיסקירונג פון פארמעגן.

באַקומענדיק אזא באפעל, האָבן די מאכטהאָבער אף די ערטער און די פריצים שטארק אופגעלעבט. זיי האָבן זיך גענומען פארייניקן די קרעפטן אף צו קעמפן מיט די פויערים.

דערווײַל האָט זיך איבערן לאנד צעשפרייט די יעדיע, אז די פויערים האָבן פארכאפט די קרוינשטאָט. ווי א שטורעמדיקער פלאמפײַער האָט דער אופשטאנד ארומגעכאפט קימאט אלע געגנטן פון לאנד. אומעטום פאָדערן די פויערים אָפּשאפן לײַבקנעכטשאפט און אומקערן דעם פאָלק דאָס פארמעגן, וואָס די פריצים האָבן בא זיי צוגענומען. אויב מע שטעלט זיי א ווידערשטאנד, ראבירן זיי די גיטער, שלאָגן די פריצים און זייערע פריקאשטשיקעס, ברענען דאָקומענטן, הארגענען די קעניגלעכע באאמטע, די ריכ־טער, אדוואָקאטן.

די קעניגלעכע גראמאָטעס האָבן אף א צײַט געהאט באַרויִקט דאָס פויערטום. אָבער די קלאנגען וועגן דעם, ווי אזוי מע האָט אין לאָנדאָן זיך צערעכנט מיט די פירער זייערע, דער נײַער קעניגלעכער אוקאז וועגן קאמף מיט די פויערים, די אופירעכטסן פון די צו זיך געקומענע פריצים, — דאָס אלץ האָט ווידער צעבלאָזן דאָס פײַער. די פויערים האָבן דערזעען, אז די דערוואָרבענע פרײַהײַט שטייט אין געפאר, אז מע מוז דעם קאמף פאָרזעצן, און אין פיל ערטער האָבן די אופשטאנדן זיך אפסנײַ אָנגעהויבן. די פויערים האָבן באשלאָסן דערשלאָגן זיך צו פרײַהײַט אָדער שטארבן אין שלאכט.

אָבער די רעגירונג און די פריצים זײַנען שוין געהאט געקומען צו זיך פון דערשרעק. איבערן גאנצן לאנד זײַנען צעשיקט גע־וואָרן קעניגלעכע כאיאָלעס, צו זיי זײַנען צוגעשטאנען די טיילן פון די אָרטיקע פריצים.

צוויי מאָל האָבן זיך די עסעקסן אופגעהויבן צו באשיצן די פרײַהײַט, און ביידע מאָל האָט די פריצישע רײַטערײַע זיי

צעקלאפּט ביז אײנעם. פיל הונדערטער מענטשען האָט מען געטויט, פארנומען אין געפענקעניש, פארזעצט אין טפיסע. די אָנפירער און די אגיטאטאָרן האָט מען אופגעהאנגען. מע פלעג זיי הענגען צו נײַן — צען מענטשן אף איין טליע.

דאָסזעלבע איז פאָרגעקומען אויך אין אנדערע געגנטן. די פירערס פון אופשטאנד פלעג מען אָפטמאָל פארפײַניקן דורך דרײַ־ערליי טויטן: מע האָט זיי אופגעהאנגען, דערנאָך דעם קאָפּ אראָפּ־גענומען און דעם קערפּער צעשניטן אף פיר שטיקער. די טײלן פון די געטויטע קערפּערס האָט מען צעשיקט אין פארשיידענע ערטער און ארויסגעשטעלט זיי אין אלע פלעצער פון די שטעט און דערפער, קעדיי דאָס פאָלק זאָל זען און זיך שאנעווען.

איבער גאנץ ענגלאנד האָט מען צעשיקט געריכט־קאָמיסיעס. מיט דער הילף פון די פּריצישע מאכנעס האָבן זיי אונטערטעניק געמאכט דאָס פאָלק.



„און אָט — דערציילט איינער אין די יאָרשריפטן פון יענער צײַט — האָט דער קעניג באפוילן ארויסשיקן דעם ריכטער ראָבערט טריזיליאן צו פירן די אויספאָרשונג איבער די אופשטענדלער און באשטראָפן זיי. אומעטום איז ער אויסגעוועזן און קיינעם האָט ער ניט געשאנעוועט. טײַכן בלוט האָט ער פארגאָסן. אויב מע האָט עמעצן פארקלאָגט פאר אים, צי איז דאָס געווען עמעס צי א בילבל, פלעג ער אים סײַווי גלײַך פארורטיילן צום טויט. דעם האָט ער

געהייסן דעם קאָפּ אראָפּנעמען, יענעם — גלאַט אופהענגען, אנדערע האָט ער געהייסן ארומשלעפּן איבער דער שטאָט, דערנאָך דעם קאָפּ אראָפּשנײַדן, פערטלען אף פירען און אויסהענגען אין די פיר עקן שטאָט. נאָך אנדערע האָט ער באפוילן די געדערים ארויסלאָזן און פארברענען זיי פאר זיי אין די אויגן, קאָלזמאַן זיי לעבן נאָך, דערנאָך ערשט פערטלען און אויסהענגען אין די פיר עקן שטאָט, — יעדן האָט ער געצאָלט לויט די פארדינסטן זײַנע".

אומקערנדיק זיך צו דער מאכט, האָבן די העכערע קלאסן קײַן אָפּהאלט ניט געוווסט אין זייער נעקאָמע פאר דער קורץ־צײַטיקער הערשאפט פון פאָלק און פאר זייער דערנידערונג.

„אין יענע צײַטן האָט מען אומעטום געקאָנט טרעפן א קעניג־לעכן ריכטער, וואָס פירט די אויספאָרשונג וועגן דער פארשווע־רונג און אלע באשולדיקטע פארמישפּעט ער גלײַך צו דער טליָע. אין יענער צײַט האָט מען אופגעשטעלט נײַע טליעס אין די ערטער, וווּ זיי זײַנען פריִער קיינמאָל ניט געווען, ווײַל די פאראנענע טליִעס האָבן ניט געקלעקט פאר אלע קערפּערס פון די פארור־טיילטע. אן איימע איז געפאלן אפן פאָלק פון דער אומגעהײַערער צאָל קערפּערס, וואָס זײַנען געהאנגען אקעגן דער שײַן פון טאָג, און א טרויער האָט ארומגענומען די מענטשן, צוזענדיק די פיל פארטריבענע, וואָס זײַנען געצוווּנגען געווען פארלאָזן די היים און אוועקלאָזן זיך וואָגלען אין א פרעמד לאנד. אינמיטן לאָנדאָן אפן מארק־פלאַץ האָט מען אוועקגעשטעלט א הילצערנע פלאכע מיט א האק אף צו קעפּן די פארמישפּעטע. מע פלעג באשטימען פאר־שיידענע שטראָפן לויטן כאראקטער פונעם פארברעכן: דעם אראָפּגע־שניטן דעם קאָפּ, יענעם געהויבן אף דיבעס, איינעם צעשניטן אף שטיקער, דעם אנדערן אָנגעטאָן די אלע מיסעס מיטאמאָל".

„ווען די טויט־שטראָפן זײַנען ניט נאָר שוואכער געוואָרן, נאָר מיט יעדן טאָג זיך אלץ פארגרעסערט, האָבן פילע פון גרויס פאר־ביטערונג ווידער זיך גענומען צו דער פארשווערונג, אָנגעהויבן צונויפקלײַבן זיך אין די געדיכטע וועלדער. צו זייערע הײַפעלעך

זײַנען אלעמאָל צוגעקומען אלץ נײַע מענטשען, ווײַל קײַן שום אנדער מיטל האָבן זיי ניט געזען ווי אויסצומײַדן דעם שוידערלעכן טויט. זיי האָבן דעריבער באשלאָסן בעסער צונויפזאמלען די קרעפטן און מוטיק אומקומען פון דעם סוינעס שווערד, איידער אויסצוּשטרעקן דעם האלדז פארן יאָך פון קנעכטשאפט און טראָגן אף זיך דעם אָל פון די זשעדנע צינשנעמער אָדער ענדיקן דאָס לעבן אף דער טליָע".

טויזנטער פויערים זײַנען אומגעקומען פון די פריצישע שטראָף־עקספעדיציִעס, פארמוטשעט געוואָרן אין די טפיסעס. העכער זיבן טויזנט מאן האָט מען אופגעהאנגען. די פויערים האָבן זייער טײַער באצאָלט פאר דער פרווו אויסגעלייזט צו ווערן פון קנעכטשאפט. ס'זײַנען אויך אומגעקומען די פירערס פון די פויערים—וואָט טײַלער, דזשעק סטראָו און דזשאָן באָל. דזשאָן באָלן, דעם פאָלקס־טריבון און פירער, האָט מען צעטראָטן, געהאנגען און געקעפט פארן קעניג אין די אויגן — פארן קעניג, וואָס באָל האָט אמאָל גערופן צו אים דאָס פאָלק. זײַן קערפער האָט מען צעהאקט אף פיר טיילן און צעשיקט אין פיר שטעט.

צוזאמען מיט די פויערים האָבן זיך אויך אופגעהויבן די אָרעמע מאסן פון דער קרוינשטאָט און פון אייניקע אנדערע שטעט. די זיגער האָבן זיך נויקעם געוועזן ניט נאָר אין די פויערים, נאָר אויך אין זייערע פארבינדעטע אין די שטעט. פיל פירערס פון די שטאָטישע אָרעמע מאסן זײַנען געטויט געוואָרן. אין לאָנדאָן אליין האָט מען פארמישפּעט צום טויט 150 מענטשן.

דעם 30־טן יולי האָט דער קעניג צעשיקט א באפעל, אז „אלע פויערים, סײַ לײַב־אייגענע, סײַ פרײַע, זאָלן געהאָרכזאם אויספילן אלע פליכטן פאר זייערע הארן, ווער ס'וועט ווידער־שפעניקן, דעם וועט מען ארײַנזעצן אין טפיסע און קאָנפיסקירן זײַן פארמעגן".

דעם 12־טן יוני איז ארויסגעגעבן געוואָרן אן אוקאז, אין וועלכן דער קעניג אנערקענט פאר אומגילטיק אלע באפרײַונג־

גראמאָטעס, וואָס די אופשטענדלער האָבן באקומען, ווײַל זיי זײַנען ארויסגעגעבן געוואָרן אומבאקלערט, זיי דראָען צו פאר־ אָרעמען דעם קעניג, די גײַסטלעכע, די פּאָרנעמע לײַט און אומצו־ ברענגען די מעלוכע.

דעם 3־טן נאָיאבער האָט זיך צונויפגעקליבן דער פּארלאמענט. דער קעניג האָט געהאלטן א רעדע און געזאָגט:

„ניט לאנג, בעייסן אופשטאנד, האָט ער ארויסגעגעבן די פּויערים גראמאָטעס, וואָס געבן זיי פרײַהײַט, אומאָפּהענגיקײַט. געטון האָט ער דאָס קעדיי אָפּצושטעלן דעם אופשטאנד. איצט, אז די אומרועס האָבן אופגעהערט, האָט ער דידאָזיקע גראמאָטעס אָפּגעשאפט, ווײַל זיי זײַנען ארויסגעגעבן געוואָרן דורך צוואנג. אויב אָבער די אָנוועזנדע מיטגלידער פון פּארלאמענט ווילן בא־ פרײַען די פּויערים, גיט ער זיי זײַן האסקאָמע דערויף".

די פאָרשטייער פון די גײַסטלעכע, פּריצים און סאָכרים האָבן דערויף געמאָלדן, אז „זיי וועלן קיינמאָל ניט אײַנגיין צו באפרײַען די פּויערים. זיי זײַנען גרייט בעסער שטארבן אלע אין איין טאָג, איידער טון אזא זאך". דער פּארלאמענט האָט באשלאָסן, אז אלע היסכײַוועסן און דאָקומענטן, וואָס די גוטבאזיצער האָבן ארויסגע־ געבן די פּויערים בעייסן אופשטאנד, האָבן קײַן שום קראפט ניט. די אלע, וואָס מ'האָט בא זיי פארברענט די דאָקומענטן, קענען קומען אין קעניגלעכן ראט, און דער קעניג וועט זיי אלע בא־ לוינען פארן שאָדן, וואָס זיי האָבן געליטן.

———

דער פּויערים־אופשטאנד איז דערשטיקט געוואָרן, אָבער דער שרעקלעכער אויסגאנג זײַנער האָט ניט געקענט פארהאלטן די באפרײַונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך בעייס דעם „שווארצן טויט".

די פּריצים האָבן געפּרוווט זיך אומקערן צוריק צו דער לײַב־ אָרדענונג, האָבן זיי ווידער אופגעהויבן קעגן זיך די פּויערים. דער אופשטאנד האָט באוויזן, ווי ווײַט דאָס לײַברעכט איז פאר־

האסט געוועז באם פאָלק. מער האָט שוין אזוי ניט געקאָנט בלײַבן, דאָס לעבן און פארמעגן פון די גוטבאזיצער איז שטענדיק געוועז אין געפאר. לאנג נאָך איז געשטאנען פאר די פריצים און פאר דער פריצישער רעגירונג אין די אויגן דאָס בילד פונעם אופשטאנד.

די לײַב־אָרדענונג האָט שוין אָפּגעלעבט איר צײַט. וואָס ווײַטער, האָט זי אלץ ווייניקער געלוינט פאר די פריצים.

ס׳האָט זיך אנטוויקלט דאָס שטאָטישע לעבן, ס׳איז געוואָקסן די אינדוסטריע, ס׳האָט זיך פארגרעסערט דער האנדל מיט ברויט און וואָל. די ערד איז אלץ טײַערער געוואָרן. פאר די פריצים האָט גיכער געלוינט פאָטער צו ווערן פון די פויערים, „צושלעפן" פאר זיך די נאכלעס זייערע און פירן דיווירטשאפט דורך גע־דונגענער ארבעט פון די פויערים, וואָס זײַנען אָן ערד געבליבן. אין א הונדערט פופציק יאָר ארום נאָכן אופשטאנד איז אין ענגלאנד פארשוווּנדן געוואָרן דאָס לײַב־אייגנטום. צוזאמען דער־מיט האָבן די פויערים פאר דערדאָזיקער צײַט אָנגעווירן דעם גרעסטן טייל פון זייער ערד.

די גוטבאזיצערס האָבן פארכאפּט די ערד פון די פרײַע און די לײַב־אייגענע פויערים, האָבן זיי אראָפּגעטריבן פון זייערע נאכלעס, צוליב „אויסגלײַכן" זייערע מאיאָנטקעס האָבן זיי פארכאפּט די געמיינדע־גיטער: וועלדער, לאָנקעס, פיטערפּלעצער.

אין XV און אין XVI יאָרהונדערט האָבן די פויערים דורך א ריי אופשטאנדן געפּרוּווט קעמפן מיט דער ערדלאָזיקײַט, ס׳האָט אָבער ניט געהאָלפן.

געבליבן אָן ערד, זײַנען אומגעהײַערע מאסן פויערים ארײַנגע־פאלן אין שרעקלעכער נויט און אָרעמקײַט.

„אין קײַן איין קריסטלעך לאנד קען מען ניט געפינען אזויפיל אָרעמלײַט ווי אין ענגלאנד, און איצט זײַנען זיי נאָך מער איידער פריער", — שרײַבט איינער פון יענער צײַט.

„אין לאָנדאָן, אינעם דאָזיקן שײַנדל פון דער וועלט, ווו ס׳זײַנען אָנגעזאמלט אזויפיל רײַכטימער, זײַנען אָן א שיר מענטשן

געצוווּנגען ארומגיין איבער די הײַזער אָדער זיצן אף דער גאס און בעטלען נעדאָוועס. פיל אָרעמעלײַט ליגן צוגעקאָוועט צום בעט פון שווערער קרענק און גויסעסן, און די רײַכע קומען זיי ניט צו הילף".

„אין לאָנדאָן ליגן אָרעמעלײַט אין די גאסן אף שטרוי אָדער גאָר אין בלאָטע, פארמאָגן ניט ניט קײַן דאך צו באשיצן זיך פון קעלט, ניט קײַן געלט צו קויפן זיך עפּעס עסן, און אזוי שטארבן זיי, ווי הינט אָדער ווי כאיעס, ניט דערוועקנדיק קײַן מיטגעפיל צו זיך, קײַן ראכמאָנעס".

„צום אָנהייב XIX יאָרהונדערט איז ענגלאנד ענדגילטיק פאר־וואנדלט געוואָרן אין א לאנד פון גרויסן ערדבאזיץ, און דאָס פויערטום האָט פארלאָרן דאָס לעצטע ביסל ערד. זיי האָבן פאר־לאָזן די היים, באזעצט קאָלאָניעס אף יענער זײַט יאם, אָנגעפילט די אינדוסטריעלע שטעט, וווהין זיי האָבן זיך אוועקגעלאָזט זוכן פארנאָסע. פון דעם מער שטאנדהאפטיקן טייל איז אויסגעוואָקסן דער שטאָטישער פראָלעטאריאט, וואָס איז באוווסט מיט זײַן אָרגאַ־ניזירטקײַט און מוטיקײַט אין קאמף מיטן קאפּיטאל.



# אינהאלט.

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“
צענטראַלער ביכערלאַגער—קיעוו, רויטאַרמייער-גאַס 43.

## שול־ און פּיאָנערן־ביבליאָטעק

1. ווערגא — געשטעמפּלטער געלער . . . . . . . . . . 15—
2. מולטאַטולי — סאַיד און אדינדע . . . . . . . . 15—
3. לאָנדאָן — דערציילונגען (אויספארקויפט)
4. דיקענס — אָליווער טוויסט (אויספארקויפט)
5. קאראָטי — ניני און טשיקא . . . . . . . . . . . 50—
6. שאָלעם־אליכעם — מייסעס (מעסושעלאך און ריאבטשיק) 25—
7. טראָצקי — אהין און צוריק . . . . . . . . . . . 45—
8. לאָנדאָן — בעק . . . . . . . . . . . . . . 40—
9. גאָרקי — 9-טער יאנוואר (אויספאַרקויפט)
10. אוליאנאָווא — איליטשס קינדער-יאָרן (אויספארקויפט)
11. לעשטשינסקאיא — ראָזע ליוקסעמבורג (אויספאַרקויפט)
12. וויניטשענקאָ — פעדקע כאלאמידניק . . . . . . . 25—
13. קאראָטי — טשיקאַ אין רוסלאנד . . . . . . . . . 45—
14. שאָלעם־אליכעם — קינדערשע און ייִנגלשע יאָרן . . . 40—
15. טשעכאָוו — קאשטאנקע . . . . . . . . . . . . 15—
16. ליר — אונדזער אלוועלטלעכע ארמיי . . . . . . . 30—
17. ליר — דער פּיאָנער אינדערהיים . . . . . . . . . 15—
18. קופּרין — ווייסער פּודעל . . . . . . . . . . . 25—
19. וולאַסענקאָ — פון דער שאָף ביזן טשערוואָנעץ . . . . 25—
20. נאָוויקאָוו־פּריבאָי — אפן גרונט פון יאם . . . . . . 35—
21. דמיטריעוו און יאַכאָנטאָוו — טרעגער . . . . . . . 30—

| | | |
|---|---|---|
| 22. | סוּוועסטער — אַרוועץ | —15 |
| 23. | נאָוואָרוּסקי — אױפֿן טױטן אינזל | —35 |
| 24. | גריגאָראָוויטש — דאָס גומענע ייִנגעלע | —30 |
| 25. | קאָראָלענקאָ — קינדער פֿון קעלער | —20 |
| 26. | אוּעלס — אוג-לאָמי | —35 |
| 27. | לאָנדאָן — פֿארשטרײַקט | —15 |
| 28. | רײַסנער — קאזאַן | —25 |
| 29. | קיפּלינג — קאָטוקאָ | —25 |
| 30. | גאָרקי — דערציילונגען | —25 |
| 31. | זאָליא — דאָס געוויסער | —30 |
| 32. | אוּידא — אין סטעפּ | —25 |
| 33. | ווינישעטשעקאָ — דער באָבעס מאַטאָנע | —45 |
| 34. | לעסקאָוו — די כאַיע | — |
| 35. | פּיטש פּערקינס — אין די בערג | — |
| 36. | פּיטש פּערקינס — קליינע שווייצארער | — |
| 37. | קודעלי — מײַן ערשטער מײַ | — |
| 38. | א. קיפּניס — אין קלעם | — |
| 39. | אין שאכטע (זאמלונג) | — |
| 49. | דזשאָ. קעז — טאָם פֿון פֿרידלעכן טאָל | — |
| 41. | בוכשטאב — דער העלד פֿון דער אונטערערד | — |
| 42. | מ. ברוק — דרײַצן אונוזערע | — |

---

**מיט באשטעלונגען זיך ווענדן:**

**КИЇВ—Басарабка**

**пошт. скринька 16.**

**Вид-ву „Культур-Ліга“**